די

# נייע אידישע שול

## אַ לעהרבוך

פאר אידיש־אנפאנגער

פון

**י. לעווין**

13טע אויפלאגע

HEBREW PUBLISHING CO.
77-79 DELANCEY STREET
NEW YORK
1939

# אינהאַלט־פערצייכעניש.

# פאָררעדע.

---

דאָס לעהרבוך „די נייע אידישע שול“ איז בעשטימט פאַר אָנפאַנגער און זיין אויפגאַבע איז — העלפען אויסלערנען די קינדער לעזען און שרייבען אידיש און אויך ענטוויקלען די קינדער. דער מאַטעריאַל פון בוך איז צוגעפאַסט צום עלטער אַן ערך פון 7—8 יאָהר; אָבער אויך אַ ביסעל עלטערע קינדער, וועלכע הויבען ערשט אָן צו לערנען אידיש, וועלען זיך מיט איהם קאָנען בענוצען. מעהר נישט, זיי וועלען די ערשטע לעקציעס קאָנען דורכגעהן פיעל שנעלער און וועלען זיך קאָנען אָפּשטעלען גרינדליכער אויף די איבעריגע טיילען.

אויסלערנען זיך לייענען איז פאַר קינדער־אָנפאַנגער גאָר ניט קיין לייכטע זאַך. צונויפבינדען דעם מאַטעריעלען צייכען אָדער סימבאָל — דעם אות מיט דעם אוממאַטעריעלען קלאַנג איז פאַר דאָס קינד גאַנץ שווער, און די פערבינדונג פון איינצעלנע קלאַנגען ניט לייכטער. דאָס בענעהמען פון גאַנצע ווערטער מיט אַמאָל — אָפּט נאָך שווערער. קיינע פון די ביז איצט ערפונענע מעטאָדען צום לערנען לעזען בעזייטיגען ניט אינגאַנצען די אַלע שוועריגקייטען. דער „קלאַנגען־מעטאָד“ איז אָבער, ווי מיר דענקען, אַמבעסטען צוגעפאַסט צו דער אידישער שפּראַך, און מיר האָבען זיך דעריבער אין דעם בוך בענוצט מיט דעם דאָזיגען מעטאָד.

עס וואָלט פערנומען צופיעל אָרט, ווען מען וואָלט דאָ געגעבען גענויע אָנווייזונגען, ווי דער לעהרער זאָל זיך בענוצען מיט'ן בוך לעקציע נאָך לעקציע. מיר וועלען דאָ דעריבער געבען נאָר איניגע אַלגעמיינע אָנווייזונגען וועגען דעם מאַטעריאַל פונ'ם בוך און ווי זיך מיט איהם צו בענוצען.

צוערשט דאַרף דער לעהרער זעהן, אַז די קינדער זאָלען איהם גוט פערשטעהן. ווען די קינדער רעדען גוט אידיש, איז זיין אויפגאַבע — צו רעדען צו זיי אויף אַ לייכטער פערשטענדליכער שפּראַך. און זיינען די קינדער שוואַך אין רעדען, דאַרף דער לעהרער אַ געוויסע צייט אָפּגעבען ספּעציעל אויף רעדען מיט די קינדער, בענוצענדיג דערביי ענטשפּרעכענדע וואַנט־בילדער.

ווען די קינדער פערשטעהען, וואָס מען רעדט צו זיי, דאַרף דער לעהרער דורך פּשוט'ע ביישפּילען און לייכטע איבונגען (אָבער אָהן קיינע דעפינירונגען!) ברייגנען דערצו, אַז די קינדער זאָלען קאָנען אונטערשיידען איינצעלנע ווערטער צווישען אַ גאַנצער רייהע ווערטער און איינצעלנע טראַפּען (זילבען) פון אַ וואָרט. בעסער איז, ווען מען פּאַסט צו אַ ספּעציעלע שפּיעל, ביי וועלכער די קינדער דאַרפען זיך בענוצען מיט איינצעלנע ווערטער און טראַפּען. און קאָנען די קינדער אונטערשיידען ווערטער און טראַפּען, קאָן מען צוטרעטען צום בוך.

עס איז ווינשענסווערט צו ענטוויקלען די אַקטיוויטעט פון די קינדער און זעהן, זיי זאָלען ניט נאָר דאָס אויג און דאָס אויער בענוצען ביים לערנען זיך לעזען, נאָר אויך די' הענט. ביי די ערשטע עטליכע לעקציעס איז ווינשענסווערט דער לעהרער זאָל האָבען אין קלאַס עטליכע בעוועגליכע אַלף־בית'ן, געבען יעדען קינד אַ געוויסע צאָהל אותיות און לאָזען די קינדער צוזאַמענשטעלען אַליין געוויסע ווערטער פון די אותיות, וועלכע זיי ווייסען שוין. ווען דער לעהרער האָט מעהר ניט ווי איין אַלף־בית, קאָן ער רופען די קינדער צום ברעט און דאָרטען זיי הייסען צוזאַמענשטעלען ווערטער.

די מיטקלינגער (קאָנסאָנאַנטען), וואָס זיינען געגעבען אין די ערשטע עטליכע לעקציעס, בעצייכענען דויער־קלאַנגען, וועלכע עס איז לייכטער פאַר די קינדער צוזאַמענצוגיסען מיט אַ זעלבסטקלינגער. דעם פּראָצעס פון צוזאַמענגיסען די מיטקלינגער מיט די זעלבסטקלינגער דאַרפען די קינדער גוט בעגרייפען און אויסלערנען אין משך פון די ערשטע לעקציעס, אַזוי אַז ווען זיי וועלען קומען צו די מיטקלינגער, וואָס בעצייכענען מאָמענטאַנע קלאַנגען, זאָלען זיי שוין קאָנען צוזאַמענגיסען די מיטקלינגער מיט די זעלבסטקלינגער ניט אויסרעדענדיג פריהער יעדען טייל בעזונדער.

דאָס קינד דאַרף שוין פון דעם ערשטען מאָמענט אָן, ווען ער טרעט צו צו לערנען לעזען און שרייבען, בעקומען דעם בעגריף, אַז דאָס לעזען און שרייבען זיינען נוצליך, און ניט גלאַט עפּעס אַן אונפערשטענדליכער חוב פאַר איהם. שוין אויף דער ערשטער לעקציע דאַרף עס זיך אויסלערנען דורכלעזען גאַנצע ווערטער, וועלכע גיבען איבער איהם בעקאַנטע בעגריפען. און אויך ווייטער טאָר דאָס לעזען קיינמאָל ניט פערוואַנדעלט ווערען אין עטוואָס מעכאַנישעס, אין „בראָקען" אונפערשטענדליכע קלאַנגען. אין דעם גאַנצען ביכעל איז דעריבער ניט אָנגעגעבען געוואָרען קיין איין וואָרט — אַפילו קיין איינטראַפּיג וואָרט — וואָס זאָל ניט האָבען קיין זינען. און דער לעהרער דאַרף זעהן אַז די קינדער זאָלען וויסען די בעדייטונג פון יעדען וואָרט, וואָס זיי קומט אויס איבערצולעזען. זעהר ווינשענסווערט, דער לעהרער זאָל האָבען אין קלאַס די אַלע געגענשטאַנדען (אָדער זייערע בילדער), וועגען וועלכע עס ווערט געלעזען אין בוך און וועגען וועלכע עס איז ביי איהם נאָר אַ חשד פאַרהאַן, אַז די קינדער האָבען פון זיי קיין בעגריף ניט. אַזוינע טראַפּען, ווי לאַ־לאַ־לאַ, רי־ראַ־ראַ, טי־טי־טי, וועלכע בעגעגענען זיך אין בוך, זיינען אויך ניט קיין אונזיניגע קלאַנגען; דאָס זיינען קלאַנגען, וועלכע ווערען אַרויסגעגעבען ביים זינגען אַ ניגון אָהן ווערטער. די קינדער ווייסען די דאָזיגע קלאַנגען, און דער לעהרער דאַרף דורך אָנפיהרענדע פראַגען ברייגנען דערצו, אַז די קינדער זאָלען זיך זיי דערמאָנען.

און בכלל איז ניט נאָר דאָס אויסלערנען לעזען און שרייבען וויכטיג. ניט וועניגער וויכטיג איז די אַלגעמיינע ענטוויקלונג פונ'ם קינד. מען דאַרף דעריבער צוגעוועהנען דאָס קינד בעוואוסטזיניג בענעהמען אַלץ, וואָס עס לייענט, און

שפּעטער קאָנען אויף פראַגען, אָדער אָהן זיי, איבערגעבען דעם אינהאַלט פון דעם, וואָס עס לעזט דורך.

אַלע אותיות פון דעם אידישען אַלף־בית ווערען דורכגעגאַנגען אין 11 לעקציעס. אין אַ פּאָר פון די ערשטע לעקציעס ווערען געגעבען אין טעקסט איי־ניגע ווערטער, וואָס די קינדער קאָנען זיי ניט איבערלעזען, ווייל דאָרטען זיינען פאַרהאַן אותיות, פאַר די קינדער נאָך ניט בעקאַנטע. די דאָזיגע ווערטער זיי־נען געבראַכט, כדי צו קאָנען צוזאַמענשטעלען אינטערעסאַנטערע זאַצען. אַזוינע ווערטער זיינען געדרוקט מיט קלענערען שריפט און דער לעהרער דאַרף זיי אַליין דורכלעזען פאַר די קינדער און ניט אַרויסרופען ביי די קינדער קיין אומ־זיסטע אָנשטרענגונג, פאָרלעגענדיג זיי דורכצולעזען אַפילו נאָר דעם טייל פון וואָרט, וואָס איז זיי בעקאַנט.

אין די לעקציעס 12—18 ווערען געבראַכט די ווערטער מיט דעם קורצען **ע מיט די שטומע ע, ה, א, י אין דעם עֶ, עֶה. די לעצטע צייט איז** ענטשטאַנען אַ בעוועגונג צו פעראיינפאַכען די אידישע אויסלעגונג און אַרויס־וואַרפען די אַלע כמעט אוננויטיגע שטומע אותיות. דער מחבר איז ניט קיין געגנער פון אַזאַ פעראיינפאַכען. ער רעכענט נאָר, אַז די גרינדליכע פעראיינ־פאַכונג דאַרף זיך אָנהויבען ניט פון שול און ניט פון דער שול־ליטעראַטור, ווייל די שול האָט די אויפגאַבע אויסצולערנען דאָס קינד דורכצולעזען דאָס, וואָס עס טרעפט געדרוקט אָדער געשריבען, און איצט איז אין דער געזעלשאַפט די פעראיינפאַכונג נאָך ניט דורכגעפיהרט געוואָרען, און כמעט אַלע ביכער און צייטונגען ווערען געדרוקט לויט דער אַלטער אָרטאָגראַפיע. אינ׳ם ביכעל זיינען דעריבער געמאַכט געוואָרען נאָר די פעראיינפאַכונגען אין אָרטאָגראַפיע, וועלכע זיינען שוין אָנגענומען כמעט אין אַלע ביכער און צייטונגען, וואָס ווערען איצט געדרוקט.

פון דער 19טער לעקציע הויבט זיך אָן דער העברעאישער עלעמענט אין אידיש. מיט׳ן פּראָצעס פון לעזען האָבען זיך די קינדער שוין ביז דאַמאָלסט **בעקאַנט; עס זיינען זיי אויך בעקאַנט די נקודות ־, ֶ און ׃. וועלכע זיי** האָבען פריהער בעגעגענט אונטער׳ן אַ און יי. איצט דאַרף מען זיי בעקאָנען מיט די איבעריגע נקודות, וועלכע פערבייטען די ענטשפּרעכענדע אידישע זעלבסטקלינגער, און מיט׳ן פּרינציפּ פון שטעלען די נייע זעלבסטקלינגער ניט נאָך די מיטקלינגער, נאָר אונטער זיי. עס איז ניט אַזאַ שווערע זאַך פאַר די קינדער צו בענעהמען דעם דאָזיגען פּרינציפּ, ווי אַנדערע קאָנען מיינען; דאָך וועט אויסקומען אויף די דריי לעקציעס, אין וועלכע עס ווערען געגעבען די אַלע נקודות, אָפּשטעלען זיך לענגער, ביז די קינדער וועלען גרינדליך בעגרייפען דעם ענין און אויסלערנען זיך לעזען מעהר אָדער ווייניגער לויפיג מיט נקודות.

שוין ביז איצט האָט מען געפּרואווט פינטלען אין אידיש די העברעאישע ווערטער אַ ביסעל אַנדערש, איידער אין העברעאיש גופא: אַזוי פלעגט מען

אומעטום פינטלען **נֶס, בֶּן**, אנשטאט **נֵס, בֵּן**, נאר די דאזיגע פער־
איינפאַכונג פלעגט געמאַכט ווערען אין פערהעלטניסמעסיג אַ קליינער צאָהל
ווערטער. און דאָס לעזען דעם העברעאישען עלעמענט אין אידיש פלעגט זיין
הויפטזעכליך שווער דערפאַר, וואָס אין אידישען ווערען די ווערטער אויסגע-
שפּראכען ניט לויט'ן ניקוד. מען פלעגט פינטלען צ. ב. **נְשָׁמָה, לְמָשָׁל,
תַּעֲנִית**, און לעזען פלעגט מען דארפען **נשָׁמֶה, לְמָשל, תָּעֲנִית**. אנדערע
פלעגען לאָזען די קינדער לעזען לויט'ן ניקוד און די ווערטער פלעגען אויסקומען
פון אידישען שטאַנדפּונקט פערקריפּעלט. אינ'ם ביכעל זיינען דעריבער די
העברעאישע ווערטער געפינטעלט וואָס נעהענטער צו זייער אידישער אויס-
שפּרעכונג. דערביי זיינען דער שוא און דער חטף אינגאַנצען בעזייטיגט, אַלס
ניט נויטיגע. נאָר אין די ווערטער, וועלכע האָבען דעם לעצטען טראַף אַ מלא:
**מיט א וּ, וֹ אדער י, זיינען איבערגעלאזען דער שורוק, דער חולם און חיריק
(טָעוּת, סוּכּוֹת, טַלִית. הגם זיי לעזען זיך טָעֶת, סוּכֶת, טַלֶת). די קלאנגען
אי, אז און אוי זיינען** כמעט אומעטום בעצייכענט מיט'ן י און ז, ווי אין
**תַּלְמִיד, פּוּרִים, חוֹדֶשׁ.** די דאזיגע פעראיינפאכונג וועט געוויס פיעל לייכטער
מאַכען פאַר די קינדער צו לעזען ריכטיג די העברעאישע ווערטער אין אידיש,
זי וועט אויך ניט אַריינטראָגען קיין שוועריגקייט ביים לעזען וועלכע עס איז
געדרוקטע זאַך, ווייל אין די אידישע ביכער און צייטונגען ווערען די העברע-
אישע ווערטער מייסטענס גאָר ניט געפינטעלט.

אין די לעקציעס 22—23 ווערען געגעבען די אותיות, וואָס ווערען גע-
ברויכט נאר אין העברעאישע ווערטער: **בּ, ב, ו, כּ, ח, שׂ, תּ און ת.** פון זיי
דארף מען זיך בעזונדערס אפּשטעלען אויפ'ן **בּ** און **ב**, ווייל פריהער האט דער **ב**
אומעטום בעצייכענט דעם קלאנג פון דעם געפינטעלטען העברעאישען **בּ**. דאס
קינד דאַרף דערפאַר בעגרייפען און געדענקען, אַז אין אַ העברעאישען וואָרט
(פאַר'ן קינד וועט זיין פערשטענדיגער, ווען מען וועט עס אָנרופען געפינ-
**טעלטען ווארט) דארף מען דעם ב לעזען ווי וו, און נאר דעם בּ — ווי**
פריהער אין די ניט געפינטעלטע ווערטער דעם ב.

אין דער לעקציע 28 ווערט געגעבען דער אַפּאָסטראָף ביי העברעאישע
שרשים. ס'פערשטעהט זיך, אַז די קינדער קאָנען נאָך ניט בענעהמען, וואָס
איז אַזוינס שרש און וואָס צוגעשטעלטע טיילען, און מען דאַרף זיך אויף דעם
גענוי אויך ניט אָפּשטעלען. דער אַפּאָסטראָף איז דאָ נאָר געגעבען געוואָרען,
כדי דאָס קינדערשע אויג זאָל זיך ניט צוגעוועהנען צו קיין ניט ריכטיגער אויס-
לעגונג. ווערטער מיט העברעאישע און אידישע טיילען מוזען זיך בעגעגענען
אין טעקסט. אויסמיידענדיג זיי, וואָלט מען ניט געקאָנט בענוצען קיין פּאסי־

גען מאטעריאל. און בעגעגענען זיך אזוינע ווערטער, מוז מען זיי אויסלעגען ריכטיג. פאר'ן קינד אבער וועט דער נייער צייכען, דער אפאסטראף, זיין פרעמד, און מען דארף איהם ערקלערען, אז דער געפינטעלטער טייל פון ווארט ווערט אפגעטיילט פון דעם אומגעפינטעלטען מיט אזא צייכען. דאס זעלבע דארף געזאגט ווערען אויך וועגען די אפאסטראפס ביי פערקירצונגען.

פון דער זייטע 90 בעשטעהט דער מאטעריאל אויסשליסליך פון גרעסערע מעשות און ליעדער. אבער אויך פריהער, אין די איינצעלנע לעקציעס, ווערען געגעבען זעהר פיעל פערשיעדענע מעשה'לעך, מייסטענס פון אידישע מקורים. עס איז ווינשענסווערט, אז די קינדער זאלען אליין דורכלעזען דעם גאנצען מאטעריאל פון בוך. עס איז אבער ניט קיין מוז. שוין אין אנהויב לערן-יאהר, ווען די קינדער קאנען נאך ניט לעזען, קאן דער לעהרער דערצעהלען אויסוועניג פאר די קינדער אדער פארלעזען פאר זיי פיעל פון די דאזיגע מעשה'לעך און פיהרען מיט זיי שמועסען וועגען דעם דערצעהלטען. שפעטער, ווען די קינדער וועלען זיין אימשטאנד אליין דורכלעזען די זעלבע מעשה'לעך, וועט דאס פאר זיי זיין נאר בעזונדערס אינטערעסאנט.

דאס זעלבע דארף מען זאגען אויך וועגען דער אפטיילונג „פון חומש", דער לעהרער קאן שוין פון אנהויב יאהר אן אנפאנגען צו דערצעהלען די קינדער די דאזיגע מעשה'לעך. נאר שפעטער, ווען די קינדער לערנען זיך אויס לעזען, איז ווינשענסווערט, זיי זאלען די מעשה'לעך לעזען פון בוך און אויך קאנען זיי דערצעהלען מעהר אדער ווייניגער גענוי.

אין ביכעל זיינען פאראן זעהר פיעל ליעדער; צוערשט כמעט אויסשליסליך פאלקס-ליעדער, שפעטער אויך אנדערע. די קינדער דארפען די ליעדער אויסלערנען אויף אויסוועניג. ווינשענסווערט — אין קלאס גופא: די פאלקס-ליעדער — זינגענדיג, די איבעריגע — דעקלאמירענדיג.

שוין פון'ם ערשטען טאג, וואס מען טרעט צו צום ביכעל, דארף פיעל אכט געלעגט ווערען אויפ'ן ש ר י י ב ע ן. די קינדער דארפען לערנען שרייבען גלייכצייטיג מיט'ן לעזען. דער געשריבענער מאטעריאל פון בוך דארף דיענען פאר די קינדער אלס מוסטער נאכצומאכען. מען דארף שענקען א געוויסע אויפמערקזאמקייט סיי דער ריינקייט און סיי דער שענקייט פון דעם כתב. פיעל מעהר אבער דארף מען אכטונג געבען, אז די קינדער זאלען זיך אויסלערנען צוזאמענשטעלען ווערטער און דערנאך — ריכטיג אויסלעגען.

און ניט נאר אויסלעגען ווערטער דארף מען די קינדער לערנען, נאר אויך אויסלעגען זייערע געדאנקען. אזוי ווי די קינדער לערנען איבערצודערצעהלען די מעשה'לעך, וואס זיי לעזען, אויסוועניג, אזוי דארפען זיי דאס אויך קאנען טון שריפטליך. פערשטעהט זיך, נאר דאס צווייטע האלב יאהר, ווען זיי זיינען שוין בעקאנט מיט אלע אותיות. צוערשט דארפען די איבערדערצעהלונגען נאר זיין אין דעם פארם פון ענטפערס אויף פראגען, וואס דער לעהרער שטעלט זיי שריפטליך, און שפעטער אויך אהן פראגען. אויף איבערדערצעה-

לען שריפטליך קאָנען בענוצט ווערען די קלענערע מעשה'לעך, וואָס מען האָט שוין פריהער מיט אַ צייט געהאַט געלעזען.

צום סוף פון בוך זיינען געגעבען גראַמאַטישע איבונגען. גאַנץ פּשוט'ע איבונגען זיינען פאַרהאַן אין טעקסט שוין פון די ערשטע לעקציעס אָן. נאָר ווען די קינדער בעקאָנען זיך מיט אַלע אותיות, און בעזונדערס דאָס צווייטע האַלב יאָהר, קאָן מען צוטרעטען צו די איבונגען פון דער אָפּטיילונג „גראַמאַטיק”. פיעלע פון זיי קאָנען געמאַכט ווערען אויסווענינ, עס איז אָבער ווינשענסווערט, אַז זיי זאָלען געמאַכט ווערען אויך שריפטליך. דערביי טאָר מען ניט פאָדערן ביי די קינדער, זיי זאָלען אויסלערנען וועלכע עס איז דעפינירונג. מען דאַרף נאָר לאָזען די קינדער מאַכען פּראַקטישע איבונגען, אָהן לערנען אויף אויסווענינ כללים, אָהן יעדען חזר'ן.

צי וועלען די קינדער אָבער קאָנען דורכגעהן פאַר אַ יאָהר דעם גאַנצען מאַטעריאַל פון בוך? דאָס ווענדט זיך, פערשטעהט זיך, פריהער פאַר אַלץ פון דער צייט, וואָס די קינדער וועלען האָבען צום לערנען. אויב מען וועט מיט זיי לערנען אידיש נאָר צוויי שעה אין וואָך, ווי עס האָט זיך פּראַקטיקירט ביז איצט, למשל, אין אַלע ניו־יאָרקער נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע שולען, וועלען די קינדער געוויס ניט קאָנען דורכגעהן דעם גאַנצען מאַטעריאַל. צוויי שעה אין וואָך איז אָבער אַבסאָלוט ווענינ, אום די קינדער זאָלען זיך קאָנען אויסלערנען אידיש. דאָס ערשטע יאָהר דאַרפען די קינדער האָבען וועניגסטענס 6 שעה אין וואָך אויף אידיש (אַריינגערעכענט די צייט אויף מעשה'לעך פון חומש און אויף זינגען), און ביי אַזאַ צאָהל שטונדען אויף אידיש, איז מעגליך דורכצוגעהן דעם גאַנצען מאַטעריאַל פון בוך פאַר דאָס יאָהר, הגם עס קאָן זיין, אַז אַ געוויסען טייל זאָלען די קינדער ניט האָבען אַליין געלעזען, נאָר געהערט פונ'ם לעהרער דערצעהלט אָדער פאָרגעלעזען.

זאָלען אַנדערע אורטיילען וועגען דעם, אויף וויפיעל „די נייע אידישע שול” ענטשפּרעכט איהר אויפגאַבע. דער פערפאַסער איז פאָרויס דאַנקבאַר פאַר יעדע זאַכליכע קריטיק און וועט זעהן אין די ווייטערדיגע אויפלאַגען די פעהלערן אויסצובעסערן. דער פערפאַסער בענוצט זיך מיט דער פאָררעדע אויך אויף אויסצודריקען זיין בעסטען דאַנק דעם ה' הארקאַווי פאַר זיינע קאָמפּעטענטע בעמערקונגען און אויך איינינע לעהרער פון דער בראָנקסער נאַצ.־ראַדיקאַלער שולע פאַר זייערע ווערטע אָנווייזונגען.

י. לעווין.

ניו־יאָרק, סעפּטעמבער, 1916.

ל ל　　　ש ש

אַ! אָ!

לאַ-לאַ-לאַ, לאָ-לאָ-לאָ,

אַש, שאַ, שאַ— שאַל,

אַ שאַל. שאָל, אַ שאָל.

אַ! אָ! אַש, שאַ! שאַל, אַ שאַל,

שאָל, אַ שאָל.

2











# מאַ־מאַ, ראַ־ראַ־ראַ־ראַ.

# —אָל, מאָל, אַ מאָל, פאַר
# אַ מאָל. פאַל, אַ פאַל.

מאָל אַ . פּאַר אַ שאָל.

אַ שאַל פּאַר אַ .

אָל, מאָל, אַ מאָל, פּאַר אַ מאָל.

פּאַל, אַ פּאַל, שאַל, אַ שאַל.

---

3

ע ע

עמער



בוּךְ



שוּךְ

ך /



שיפ



פיש

ף ,

**ע! מע, מו, פע! פי! עו**
**ריי־רא־רא.**

מאַ־מע , מאַמע , אַ מאַמע ,
מאַמעלע !
מו־מע , מומע , אַ מומע ,
מומעלע !
—ער, שער, אַ שער,
אַ שערעלע.
שול— שולע. פול— פולע.
אַ שולע, אַ פולע, אַ פולע
שולע מיט 
פי— פיש, אַ פיש, אַ פישעלע.
אַ פול מיט פיש.
אַ לעמעלע, אַ לעפעלע.
אַ לערער, אַ שילער. לערער,
שילער.

# לעש, פערלעש,
# מומע, פערלעש אַ .

מאַמע, אַ מאַמע, מאַמעלע!

אַ מומע, מומעלע!

ער, שער. אַ שערעלע. אַ שולע,

אַ פולע שולע.

אַ פיש, אַ פישעלע, אַ לערער.

אַ שילער. לעש. פערלעש.

## 4



נ  נ



ס  ס



ט  ט

נאַ, נאָ! נו, עס, אָט.

טי־טאַ־טא.

נאַ— נאַר, אַ נאַר, אַ נאַרעלע.

נו— נוס, אַ נוס, אַ ניסעלע,

ניס.

פו— פוס, אַ פוס, אַ פיסעלע,

פיס.

ניט, ניטאָ. טיש, טישעלע.

נאָ— נאָר. טינט, טינטער,

אַ טינטער. אַ שיסעלע.

סעמי עסט מיט אַ לעפעלע

פון אַ שיסעלע.

ער שערט אַ לעמעלע מיט אַ

שער. ער שיסט מיט אַ ,

שיס ניט! מע טאָר ניט.

אַ נוס, אַ פולע ניס.

אַ פוס, אַ פולע פיס.

אַ טישעלע, אַ שיסעלע, אַ נאָרעלע.

סאמי עסט מיט אַ לעפעלע. ער

שערט אַ לאמעלע מיט אַ שער. ער

שיסט. שיס ניט. מע טאָר ניט.

---

5



לײַכטער

ײַ ײַ



לײב

ײ ײ

# ף ף



פײַטעלע. אַ פײַנע פײַפעלע.

אַ רײַפעלע. ער פײַפט.

פײַטעלע שטיפט. ער לויפט

אַרום ער שרײַט. ער נעמט

אַ פײַפעלע אין מויל, ער פײַפט.

ער נעמט אַ רײַפעלע, ער

לויפט. פײַטעלע שטיפט און

שרײַט אַלע מאָל. זײַ ער עסט

ניט, זײַ ער עסט, שרײַט ער.

# אָפט שלאָפט ער און שרײַט.
# שאַ פּײַטעלע, שרײַ ניט!
# אַ מויל, מײַלער.

פײַטעלע שטיפט. ער שרײַט. ער
נעמט אַ פײַפעלע, ער פײַפט. ער
נעמט אַ רײַפעלע, ער לויפט. פײַטעלע
שטיפט און שרײַט אַלע מאָל. סײַ
ער עסט ניט, סײַ ער עסט, שרײַט
ער. שאַ, פײַטעלע, שרײַ ניט!
אַ מויל, מײַלער.





ד ד   ז ז



ה ה

הויז

# דאָ, דו, די, האַ?

# זי, זיי, זײֵ, זײַט, אַז, אזאַ.

**דער.** דער פּאָטער, דער טיש.

**די.** די מוטער, די שער.

**דאָס.** דאָס מויל, דאָס פײַער.

דו— דונער, אַ דונער, דער דונער.

זומער דונערט. דו הערסט? עס דונערט.

האַ— האַנט, אַ האַנט, די האַנט.

ער האָט אַ האַנט. דו האָסט אַ האַנט.

אַ הוילע האַנט. האַלט די האַנט אַזוי.

זײַ— זײַדע, אַ זײַדע, דער זײַדע.

אַ הויז, דאָס הויז.

זײַער זײַדע האָט אַ הויז. דאָס הויז

האָט פֿענסטער.

דו האָסט האָלט פֿלײש? נאַ, אָט האָסטו

פֿלײש. עס!

זײַ ניט פֿויל!

**דו הערסט, ער הערט.**

**דו האָסט, ער האָט.**

דו הערסט, ער הערט.

דו האָסט, ער האָט.

גומער דונערט. ער האָט אַ הוילע

האַנט. דו האָסט האָלט פֿלייש?

נאַ, דאָ האָסטו פֿלייש, עס!

גייער גייבע האָט אַ הויך. דאָס

הויך האָט פֿענסטער.

גיי ניט פֿויל.

7



פאָן

נ — ן

נ — ן



פלוים

מ — ם

מ — ם

פ — ף

פ — ף



שיף

דעם, סעם, אַרום.

פון, מײַן, דײַן, זײַן, לערנען.

# לויף! שלאָף! העלף! רוף!

סעם לויפט אַרום דעם טיש. לויף ניט, סעם, אַזוי שנעל. אַז ניט, פאַלסטו אַנידער. נאַ דיר דערפאַר אַ פלוים. שטיף ניט, סעם. דיין מומעס מיידעלע שלאָפט. זי שרייט אָפט פון שלאָף. רוף אַהער דיין פאָטער. זאָל ער הערן ווי דו לייענסט. לייען! העלף מיר, לערער! זאָג ניט אַן עלטערן—העלף, נאָר—העלפט. אַז דו לייענסט — עס ניט. אַז דו עסט — לייען ניט. אַז דו רעדסט — שלאָף ניט.

מיין פאָטער, דיין מוטער, זיין פאָן, זיין מויל.

דו שלאָפסט — ער שלאָפט.
דו לויפסט — ער לויפט.

**דו לערנסט, ער לערנט, מיר לערנען, זיי לערנען.**

**דו לייענסט, ער לייענט, מיר לייענען זיי לייענען.**

סעם לויפט אַרום דעם טיש. לויף ניט, סעם, אַזוי שנעל. נאַ דיר דערפאַר אַ פלוים. שטיף ניט, סעם! דיין מומעס מיידעלע שלאָפט. זי שרייט פון שלאָף.

דו לערנסט, ער —, מיר —, זיי —.
דו לייענסט, ער —, מיר —, זיי —.
דו שרייסט, ער —, מיר —, זיי —.

8



אי



אײַ



אֵיי



או



אויער

אֵיי, אֵיין אין, און, אויף.

# אונזערע און אײַערע עלטערן זײַנען אידען.

# אײַדע און איזי זײַנען נעמען.

מײַן פאָטערס פאָטער און מײַן פאָטערס מוטער זײַנען מײַנע אורעלטערן. אונזערע עלטערן זײַנען עלטער פון אונז, אונזערע עלטערן זײַנען אידען. אידען זײַנען דאָ אומעטום. אײַדע איז אַ אידיש מײדעלע. אײַער מײדעלע אײַדע איז דאָ, און אײַער איזי איז ניטאָ דאָ.

דער מעסער איז אַ שטאָלענער, און די פעדער איז אַ שטאָלענע. די פאַן איז ניט פון שטאָל. די פאַן איז אויף דעם אַלמער. דער מעסער און די טעלער זײַ־נען אין אַלמער.

## איין איי — דריי אייער.

## איין העמד — דריי העמדער.

אונזערע עלטערן זיינען אידן.

דער מעסער איז אַ שטאָלענער.

די נייע פעדער איז אַ שטאָלענע,

אײַער מײדעלע אײַדע איז דאָ.

איין איי, דריי —

איין העמד, דריי —

9



בוים

ב ב



וואָלף

וו װ



קאַם

ק ק

די באָבע , דער בער , דאָם

# בערעלע. קאַלט. עס איז אַ ביטערע קעלט. מען ווייַנט, ווער ווייַנט? וועלוועלע. פאַרוואָס ווייַנט ער? ער איז קראַנק. אַ וואָלף אַ קלייַן וועלפעלע.

עס איז אַ ביטערע קעלט; וועלוועלע אָבער לויפט אַרום. ער ווערט פֿערמאַטערט און טרינקט דערבייַ קאַלט וואַסער. וועלוועלע ווערט קראַנק. ער איז אין בעט. ער ווייַנט. קומט זייַן באָבע דוואָשע. זי איז אַלט. קוים וואָס זי טרעט. וואָס איז דאָס בייַ דער באָבען אין דער האַנט? עטוואָס פאַר וועלוועלען. די באָבע ווייַזט, וואָס זי האָט אין האַנט: אַ קלייַן בערעלע, אַ וועלפעלע און אַ שטיק

טאָרט. װעלװעלע װערט שטיל. ער
בעקוקט אַ װײַלע דאָס בערעלע מיט דעם
װעלפעלע און הייבט אָן עסען דעם טאָרט.

איין בוים — פינף בוימער.
איין קינד — זעקס קינדער.

עס איז קאַלט. װעלװעלע װערט
קראַנק. ער װיינט. קומט זײַן
אַלטע באָבע. זי האָט אַ בערעלע,
אַ װעלפעלע און אַ שטיק טאָרט
פאַר װעלװעלען. װעלװעלע נעמט
דעם טאָרט און הייבט אָן עסען.

איין בוים, זעקס בוימער

איין קינד, זעקס —

איידער דו עסט, וואַש ריין דיינע

הענט.

---

**10**



ליכט

כ  כ



בוך:

ךְ  ך



צאָהן





קאַץ



איך, מיך, דיך, זיך.

איך זעץ זיך, איך זיץ.

ער זעצט זיך, ער זיצט.

אין אַ קיך קאָכט מען.

אַ שיכעלע, צוויי שיכעלעך.

דאָס ליכט איז אין לײַכטער.

איך קום אין קלאַס. איך זעץ זיך אַוועק
אויף אַ באַנק. אין קלאַס זיצן נאָך

קינדער. דאָס זײַנען אַלץ קלײנע קינדערלעך. זײ זיצן אַלע אין צײַלן. איטליכער צײַל האָט צו פינף בײנקלעך. אויף איטליכער באַנק איז דאָ צו צוויי זיץ ערטער. די זיץ ערטער זײַנען ברוין און די טישלעך זײַנען שוואַרץ. איטליכעס קינד האָט צו צוויי פּיסעלעך מיט צוויי שיבעלעך אויף די פּיסעלעך. איטליכעס קינד האָט מיט זיך אַ קיבעלע.

איך קאָך, דו קאָכסט, ער קאָכט.

איך קום, דו קומסט, ער קומט.

איך לערן, דו לערנסט, ער לערנט.

איך לויף, דו לויפסט, ער לויפט.

איך זיץ, דו זיצסט, ער זיצט.

אין קלאַס זײַנען דאָ בײַנקלעך.
אויף איטלעכער באַנק זיצן צוויי
קינדער. איטלעכס קינד האָט
צוויי שיכעלעך אויף די פיסעלעך.
איטלעכס קינד האָט מיט זיך אַ
קיכעלע.

איך קאָך, דו קאָכסט, ער קאָכט.
איך קום, דו — ער —
איך לערן, דו — ער —
איך לויף, דו — ער —
איך זיץ, דו — ער —

———

## 11



גלאָז





פּען



י



יאַגעדעס

גרין, געל און גרוי זײַנען פאַרבען.

פּערעלע איז אַ קלײן מײדעלע.

פּינעלע איז אַ אינגעלע.

# יעדע יאַגעדע האָט יאָדרעס.

אונטער די גרינינקע ביימעלעך, אויף דעם גרינעם גראָז, שטיפן זיך קליינינקע קינדערלעך. אונטער די ביימעלעך, ביי דעם וועג, האָט מען אויפגעהאַנגען אַ וויגעלע. ווער האָט אויפגעהאַנגען דאָס וויגעלע? פערעלעס מאַמע. פערעלע איז אין וויגעלע. דער קליינער ברודערל פינעלע וויגט זי. פערעלע זינגט צו: פיק־פיק־פיק, פאָק־פאָק־פאָק. פינעלע האַלט אין איין האַנט אַ גרוי זעקעלע פול מיט יאַגעדעס און מיט ניס. ער צוקנאַקט יעדן נוס און עסט אויף די יאָדרע. יעדע יאַגעדע האָט קליינע יאָדערלעך.

**אַ בלינד פערד פֿאַלט גלײַך אין גרוב אַרײַן.**

**אַ הענטעלע, אַ פּאָר הענטעלעך.**
**אַ וויגעלע, אַ פּאָר וויגעלעך.**
**אַ ניסעלע, אַ פּאָר ניסעלעך.**
**אַ פּיסעלע, אַ פּאָר פּיסעלעך.**

*אויף דעם גרינעם גראָז בײַם װעג*
*שטיפן קינדערלעך. אונטער אַ*
*בײמעלע איז אַ װיגעלע, אין װיגעלע*
*איז פּערעלע. פּערעלעס ברודער*
*פּינעלע װיגט זי. זי זינגט צו: פּיק-*
*פּיק. פּינעלע האַט יאַגעדעס און ניס.*

ער עסט די יאָדערס פון די ניס.

אַ וויגעלע, אַ פּאָר — .
אַ פּיסעלע, אַ פּאָר — .
אַ ניסעלע, אַ פּאָר — .
אַ הענטעלע, אַ פּאָר — .
אַ שיכעלע, אַ פּאָר — .

## העי, העי, העמערל!

העי, העי, העמערל!
קום צו מיר אין קעמערל!
איך וועל דיר עפּעס ווייַזן:
שיכעלעך פּון אייַזן,
ביר אין די קריגעלעך,
קינדער אין די וויגעלעך
שרייַען ווי די ציגעלעך:
מע, מע, מע!

# דאָס קינד און די פּעני.

אַ קינד איז געשטאַנען און געוויינט. קומט אָן אַ מאַן.

– וואָס וויינסטו, אינגעלע?

– איך האָב פערלאָרען אַ פּעני.

– נאַ דיר אַן אַנדער פּעני — זאָגט דער מאַן.

דאָס קינד נעמט די פּעני און וויינט ווידער.

– וואָס וויינסטו איצט? — פרעגט דער מאַן.

– ווען איך וואָלט ניט פערלאָרען מיין פּעני, וואָלט איך דאָך איצט געהאַט צוויי.

12

פויגעֿל. עסעֿן. פליגעֿן. זיצעֿן.

שלאָפעֿן. אַוועקגעפלויגעֿן. לעבעֿן.

צווייגעֿל. מאַכעֿן. זוכעֿן. מענשעֿן.

מאָרגעֿן. שטייגעֿל.

אין אַ וואַלד האָבען געלעבט פייגעלעך.
איין פויגעל האָט געוואָלט לעבען אַליין.
ער האָט געוואָלט
זיצען אַליין אויף אַ
צווייגעל, מאַכען זיך
אַ נעסט ווייט פון



אַלעמען. ער איז אַוועקגעפלויגען און
גענומען זוכען פאַר זיך עסען: פליגען און
ווערימלעך. ער האָט אָפּגעגעסען, געזעצט
זיך אויף אַ צווייגעל, אונטערגעשטעקט דעם
קאָפּ אונטער אַ פליגעל און איינגעשלאָפען.
האָבען עס בעמערקט שלעכטע מענשען.
זיי זיינען שטיל צוגעגאַנגען און געפאַנגען
דעם פויגעל. אויף מאָרגען איז שוין
דער אָרימער פויגעל ניט געווען אין
דעם גרינעם וואַלד. ער איז געזעסען
פערשפאַרט אין אַ קליינעם שטייגעל.

איך זוך, דו זוכסט, ער זוכט, מיר זוכען, זיי זוכען.
איך לעב, דו — ער — מיר — זיי —
איך מאַך, דו — ער — מיר — זיי —
איך שלאָף, דו — ער — מיר — זיי —

## שיקט דער האַר אַ פויערל...

שיקט דער האַר אַ פויערל אין וואַלד,
אַ פויערל אין וואַלד,
ער זאָל דאָרט באַרעלעך רייַסען.
פויערל וויל ניט באַרעלעך רייַסען,
באַרעלעך ווילען ניט פאַלען,
באַרעלעך ווילען ניט פאַלען.

שיקט דער האַר אַ הינטעלע אין וואַלד,
אַ הינטעלע אין וואַלד,
ער זאָל דעם פויערל בייַסען.
הינטעלע וויל ניט פויערל בייַסען,
פויערל וויל ניט באַרעלעך רייַסען,
באַרעלעך ווילען ניט פאַלען,
באַרעלעך ווילען ניט פאַלען.

## 13

# עֵ=ײַ; עֵה=ײַ.

אײַדער. אײַביג. שנײַ. עֵדעל.
לעֵדיג. לעֵגען. שעֵן. געוועֵהנליך.
דערצעֵהלען. אומגעֵהן. שטעֵהן. זעֵהר.

אַ קלײַן מײַדעלע האָט אַוועקגעלעֵגט
דעם קאָפּ דער מאַמען אויף דעם שויס.
בײַ דער זײַט איז

געזעסען נאָך אַ קלײַן
אינגעלע. די מאַמע האָט
זײַ דערצעֵהלט שעֵנע
געשיכטען. זי האָט אויך
געזאָגט: עֵדעלע מענשען
שטעֵהען ניט פון ווײַטען,
ווען זײַ זעהען אַ מענשען אין אומגליק.

אומגעהן לעדיג איז זעהר ניט קיין שענע געוועהנהייט. אויף די זעהר הויכע בערג איז דאַ איבּיגער שנײ. וואַש זיך ריין, וועסטו זיין געזונד און שען.

---

איך געה, דו געהסט, ער געהט, מיר געהען, זיי געהען.
איך שטעה, דו — ער — מיר — זיי —

---

## פאַרזיכטיגקייט.

---

איינער דערצעהלט: איינמאָל בין איך געגאַנגען ביינאַכט. האָב איך דערזעהען — אַ בלינדער געהט מיט אַ לאַמטערנע אין דער האַנט. זאָג איך: „מיין טייערער! צו וואָס דאַרפסטו האָבען די לאַמטערנע?" זאָגט ער. „ווען איך האַלט די לאַמטערנע, קאָנען מיך מענשען דערזעהען. און זיי וועלען מיר העלפען, איך זאָל ניט אַריינפאַלען אין אַ גרוב."

---

## 14

## ליעבען. שפּיעלען. ליעגען. ליעד. פאָהרען. נעהמען. איהר. איהם. יאָהר. היהנדעלעך. פריהלינג. בעריהמער.

דער פריהלינג איז געקומען. אַ נײַ יאָהר פאַנגט אָן. די פײגעלעך זינגען זײערע ליעדער. די קינדער שפּיעלען זיך אויף דער גאַס. זײ נעהמען לײהם און קנעטען היהנדעלעך. זײ פיהרען װעגעלעך מיט זאַמד. נאָר די קינדערלעך היטען זיך און ליעגען ניט אויף דער ערד. זײ װילען זיך ניט פערקיהלען. די מוטער ליעבט איהרע קינדער און װען זײ לעגען זיך שלאָפען, זינגט זי זײ שענע ליעדעלעך.

אָט איז אײַן ליעדעלע איהרם:

אונטער דעם קינדס וויגעלע
שטעהט אַ קלײַן ווײַס ציגעלע.
דאָס ציגעלע איז געפאָהרען האַנדלען
ראָזינקעס מיט מאַנדלען.
ראָזינקעס מיט מאַנדלען זײַנען זעהר זיס,
דאָס קינד וועט זײַן געזונד און פריש.

און זי ענדיגט:

שלאָף, שלאָף אין דײַן רוה,
מאַך די שענע אײַגעלעך צו.
מאַך זיי צו און מאַך זיי אָפען
און ווער געזונטערהייט אַנטשלאָפען.

---

אַ בערידהמער איז גוט צו שלאָגען.

אַז מען עסט זויערע עפּעל,
ווערען הײַליג די צייהן.

# ליעבע פאַר ליעבע.

אַ פאָטער האָט געפרעגט זיין קליינעם זוהן:

— פאַר וואָס האָבען דיך אַלע אַזוי ליעב?

-- איך ווייס ניט—האָט דער זוהן געענטפערט—
עס קאָן זיין דערפאַר, וואָס איך ליעב אַלעמען.

---

# האָב ליעב דעם אַנדערען ווי זיך אַליין.

---

איינצאָהל:

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| איך | שפיעל, | דו | שפיעלסט, | ער | שפיעלט: |
| איך | ליעג, | דו | — | ער | — |
| איך | ליעב, | דו | — | ער | — |
| איך | פאָהר, | דו | — | ער | — |

מעהרצאָהל:

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| מיר | שפיעלען, | איהר | שפיעלט, | זיי | שפיעלען. |
| מיר | ליעגען, | איהר | — | זיי | — |
| מיר | ליעבען, | איהר | — | זיי | — |
| מיר | פאָהרען, | איהר | — | זיי | — |

איינס, צוויי, דריי, פיער, פינף, זעקס,
זיבען, אַכט, נײַען, צעהן, עלף, צוועלף,
דרייצעהן, פערצעהן, פופצעהן, זעכצעהן.
זיבעצעהן, אַכצעהן, נײַענצעהן, צוואַנציג.

---

15

# וואו, וואוי.

## וואו, וואוהין? וואונדער. געוואונשען.
## וואוינען. וואויל.

וואוהין געהען די קינדער יעדען טאָג? זיי געהען אין שולע. דאָרטען זײַנען אַלע קינדער וואוילע און וואונדערשענע. די גרעסטע צאָהל קינדער וואוינט ניט ווײַט פון דער שולע. די קינדער האָבען זעהר פיעל געוואונען אין דער שולע. זיי

האָבען זיך אויסגעלערנט לייענען, שרייבען און זינגען. זיי זיינען ווי געוואונשען פאַר דער שולע.

---

אַ וואוילער אינגעל — אַ וואוילע מיידעל — אַ וואויל קינד.

אַ ווייסער האָהן — אַ ווייסע הוהן — אַ ווייס ציגעלע.

---

## דאָס קינד און דאָס פייגעלע.

פייגעלע, פייגעלע! — פּי, פּי, פּי!
וואו איז דער טאַטע? — ניטאָ היע.
ווען ווערט ער קומען? — מאָרגען פריה.
וואָס ווערט ער ברייננגען? — אַ גלעזעלע ביער.
וואו ווערט ער שטעלען? — הינטער דער טיר.
מיט וואָס ווערט ער צודעקען? — מיט פּאַפּיער.
ווער ווערט טרינקען? — איך מיט דיר.

## דער. בייל.

אַ אינגעל איז געקומען אַ היים. אויף דעם שטערען איז ביי איהם געזעהן אַ גרויסער בייל.

— וואָס איז ביי דיר אויף דעם שטערען?— פרעגט זיין מאַמע.

— גאָרנישט.

— ווי הייסט, גאָרנישט? עס איז דאָך אַ גרויסער בייל. פון וואַנען איז דאָס?

— איך האָב אומגערן אַ בים געטון מיט די צייהנער.

— דו האָסט מיט דיינע צייהנער צוביסען?— האָט די מאַמע פערוואונדערט געפרעגט.— ווי האָסטו געקאָנט דערלאַנגען מיט דיינע צייהנער דעם שטערען?

— ווי? איך בין אַרויפגעקראָכען אויף אַ שטול.

16

# זש, דזש, טש.

פּאַסאַזשיר. זשאַלעווען.

דזשייק. דזשעני.

דייטש. דייטשלאַנד. פּישטשען.

דזשייק און דזשעני זיינען געקומען פון

דײַטשלאַנד מיט אַ שיף. צװײ װאָכען זײַנען זײ געװען פּאַסאַזשירען. זײער מאַמע האָט זײ זעהר געזשאַלעװעט און געהיט. זי האָט זײ געגעבען עסען גוטע זאַכען. אַלע פּאַסאַזשירען אויף דער שיף האָבען מיט זײ געשפּיעלט. װאָס זשע איז דערפון געװאָרען? דזשײק און דזשעני זײַנען געװאָרען צולאָזען: זײ האָבען געפּישטשעט און געשריען און געפּאָכעט מיט אַ בײַטש און צו אַלעמען אויף דער שיף צוגעשטאַנען.

---

אַ פּאַסאַזשיר, פּאַסאַזשירען.
אַ דײַטש, —
אַ שיף, —
אַ װאָך, —
אַ זאַך, —

# אויף דעם הויכען באַרג.

אויף דעם הויכען באַרג,
אויף דעם גרינעם גראָז
שטעהען אַ פּאָר דײַטשען
מיט די לאַנגע בײַטשען.
הויכע מאַנען זײַנען זײ,
קורצע קלײדער טראָגען זײ.
צעהן טאָלער פערמאָגען זײ,
פײַגען אין די טאַשען,
מעד אין די פלאַשען,
ביער אין די קריגעלעך,
קינדער אין די וויגעלעך.

## אַ שאַרף אויג.

צוויי אידען זײַנען געפאַנגען געוואָרען. געהען זײ צוזאַמען מיט זײער פּענגער אין וועג. הערט דער פּענגער, ווי זײ שמועסען צווישען זיך:

— אָט יענער קעמעל, וואָס גערהט דאָרט ווײַט, ווײַט פאָרויס, איז אַ בלינדער אויף איין אויג. ער איז אָנגעלאָדען מיט צוויי לאָגלען: איינער מיט ווײַן און איינער מיט בוימעל.

פרעגט דער פענגער פערוואונדערט:

— פון וואַנען ווייסט איהר דאָס אַזוי?

— גאַנץ איינפאַך — ענטפערן די אידען — זעהסט דאָס גראָז פון ביידע זײַטען וועג? פון איין זײַט איז עס אָפגעהריזשעט; די אַנדערע זײַט אָבער, וואָס דער קעמעל מיט זײַן בלינד אויג האָט ניט געזעהן, איז געבליבען ניט געריהרט. איצט קאָן מען בעמערקען דאָ אויפן זאַמד שפּורען פון טראָפּענס. אַ טייל טראָפּענס איז איינגעזאַפּט אין דער ערד, — דאָס איז פון ווײַן. אַ טייל האַלט זיך פון אויבען, — דאָס איז פון בוימעל.

איז דער פענגער נאָכגעלאָפען דעם אָנגעלאָדענעם קעמעל. האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז די אידען האָבען אַלץ פּינקטליך געטראָפען.

אַ פערוואונדערטער האָט דער פענגער געבראַכט די אידען צו זיך אַהיים. ער האָט פאַר זיי געמאַכט א

מאָלצײַט און געלויבט זײַער קלוגהײַט. נאָכדעם האָט ער זײ בעפרײַט און אָפּגעלאָזען אַהײם.

---

17

ליאַרעם. ליאַלקע. ליולינקע. ליו-ליו. זײַדעניו. באָבעניו. טאַטעניו. מאַמעניו.

די מאַמעניו זיצט בײַם וויגעלע. זי וויגט די קלײנינקע מאַניעלע. זי זינגט איהר אַ שײן ליעדעלע: אַליע-ליוליע, ליולינקע, ליולינקע, ליו־ליו. דעם טאַטעניוס עלטערן, דער זײַדעניו און די באָבעניו, זײַנען געקומען צו אונז אין געסט. דער זײַדעניו האַלט אַ שטעקען אין דער האַנט און די באָבעניו אַ זאַק. זײ האָבען געבראַכט פאַר מאַניען אַ ליאַלקע. מאַניע האָט דערזעהן די ליאַלקע, האָט זי אויפגעהויבען אַ גאַנצען ליאַרעם. די באָבעניו

מיט דער זאַק אין דער האַנט זעצט זיך
ביי מאַניעלעס וויגעלע. זי בערוהיגט
מאַניעלען און גלעט איהרע הענטעלעך. זי
וויגט די וויגעלע און שטריקט די זאָק.

---

זיידע—זיידעניו—זיידעשע.
באָבע—באָבעניו—באָבעשע.
טאַטע—טאַטעניו—טאַטעשע—טאַטעלע.
מאַמע—מאַמעניו—מאַמעשע—מאַמעלע.

---

## מיר ווייסען, מיר ווייסען!

---

אַמאָל האָבען אין אַ קליין דערפעל געוואוינט
אַ מאַן מיט אַ ווייב, זעהר ווילדע מענשען. איין
פעהלער האָבען זיי נאָר געהאַט: זיי פלעגען
קיינמאָל דעם צווייטען ניט אויסהערען און גאַנצען
און פלעגען אויסרופען: „מיר ווייסען, מיר ווייסען!"
איין מאָל איז צו זיי אַריין אַ איד מיט אַ
שלאָפראָק אין האַנט און געזאָגט: „ווער עס ווערט

דעם שלאָפּראָק אָנטון און פערשפּיליען איהם אויף איין קנעפּעל, וועט זיך אויפהויבען אויף צוויי איילען איבער דער ערד. אַז ער וועט דעם שלאָפּראָק פערשפּיליען אויף צוויי קנעפּלעך, וועט ער זיך ביזן הימעל אויפהויבען. און אַז ער וועט איהם פערשפּיליען אויף אַלע דריי קנעפּלעך, וועט ער אין הימעל אַוועקפליהען".

דער מאַן האָט זיך ניט פונאַנדערגעפרעגט, ווי אַזוי קאָן מען זיך פון הימעל צוריק אויף דער ערד אומקעהרען, און ער האָט אויסגערופען: „מיר ווייסען, מיר ווייסען!"

ער האָט גלייך דעם שלאָפּראָק אָנגעטון, פערשפּיליעט איהם אויף אַלע דריי קנעפּלעך און איז אַוועקגעפלויגען אין הימעל אַריין.

די ווייב זיינע איז נאָכגעלאָפען נאָך איהם, פערריסען דעם קאָפּ צום הימעל און געשריען: „זעהט, מענשען, מיין מאַן פליהט אין הימעל אַריין!" אַזוי לויפענדיג, איז זי צוגעקומען צו אַן אָפּגרונד און

איז אַהין אַרייַנגעפאַלען. אויפן דעק פון אָפּגרונד האָט געפליסט אַ קליין טייַכעל.

מען זאָגט, אַז פון דעם מאַן איז אַן אָדלער געוואָרען און פון דער ווייַב — אַ פיש.

---

3

# שטאָדט, שטעדטעלע, לייַדט, רעדט, זידט, בינדט, צינדט, שנייַדט.

ווען מען צינדט אָן אַ שוועבעלע, דאַרף מען זייַן פאָרזיכטיג. פון איין שוועבעלע קאָן אָפּברענען אַ גאַנצע שטאָדט. אין רוסלאַנד זייַנען פאַראַן פיעלע קליינע שטעדטלעך אָבער וועניג גרויסע שטעדט.

אַ שטאַרקער מענש לייַדט שטיל אַ וועהטאָג. ווען מען וואַרימט אָן וואַסער זעהר שטאַרק, זידט עס. וואָס קליגער דער מענש איז, אַלץ וועניגער רעדט ער.

אײנצאָהל:

| | | |
|---|---|---|
| איך בינד, | דו בינדסט, | ער בינדט. |
| איך שנײַד, | דו — | ער — |
| איך רעד, | דו — | ער — |

מעהרצאָהל:

| | | |
|---|---|---|
| מיר בינדען, | איהר בינדט, | זײַ בינדען. |
| מיר שנײַדען, | איהר — | זײַ — |
| מיר רעדען, | איהר — | זײַ — |

## דער פוקס און דער שטאָרך.

I.

אַ פוקס און אַ שטאָרך האָבען זיך בעפרײַנדט. רופט דער פוקס דעם שטאָרך צו זיך אין געסט.

קומט דער שטאָרך. און דער פוקס האָט אָפּגעקאָכט קאַשע, צושמירט אויף אַ פלאַכער טעלער און זאָגט צום שטאָרך:

— עס, טײַערער, לאָז זיך ניט בעטען. מעהר האָב איך דיר ניט וואָס צו געבען.

דער שטאָרך האָט געקלאַפּט, געקלאַפּט מיט דעם לאַנגען שנאָבעל איבער דעם טעלער און האָט גאָרנישט געקאָנט אָננעהמען. און דער פוקס האָט



געלעקט און געלעקט ביז ער האָט אויפגעגעסען אינגאַנצען.

אַ הונגעריגער האָט דער שטאָרך געדאַרפט אַוועקגעהן אַהיים.

— קום צו מיר מאָרגען אין געסט — האָט ער פאַרן אַוועקגעהן געבעטען דעם פוקס.

II.

אויף מאָרגען איז דער פוקס געקומען צום שטאָרך אין געסט.

און דער שטאָרך האָט אָנגעקאָכט קניידליך,

אָנגעוואָרפען אין אַ פלעשעל מיט אַ שמאָלען העלזעל און אַװעקגעשטעלט פאַר דעם פוקס.

— עס, טײַערער פוקס, און זאָל דיר וואויל בעקומען! מעהר, צום בעדויערן, האָב איך גאָר נישט, וואָס דיר צו דערלאַנגען.

דער פוקס האָט זיך גערעהט, גערעהט ארום דעם פלעשעל, האָט אָבער ניט געקאָנט אַרײַנשטופען זײַן ברײַטען מויל אין דעם שמאָלען העלזעל.



און דער שטאָרך האָט מיט זײַן לאַנגען שנאָבעל אַרויסגענומען אײַן קנײַדעלע נאָך דער אַנדערער, ביז ער האָט אויפגעגעסען אינגאַנצען.

דער פוקס איז אַוועקגעגאַנגען אַ הונגעריגער און אַ צאָרנדיגער. און פון דאַמאָלסט אָן האָט זיך געענדיגט די פרײַנדשאַפט צווישען דעם פוקס און דעם שטאָרך.

# האָב איך מיר אַ מיכעלקע.

האָב איך מיר אַ קליינעם מיכעלקע,
וואוינט ער אויף דער לאַנגער גאַס.
מאַכט ער מיר, וואָס איך וויל,
מאַכט ער מיר, וואָס ער קאָן.
מאַכט ער מיר אַ פּייפּעלע, אַ פּייפּעלע,
פּייפּעלע מאַכט אַזוי:
פּיו־פּיו־פּיו, פּיו־פּיו־פּיו,
דאָס איז אַ פּייפּעלע.

מאַכט ער מיר אַ טראָמבעצקע, אַ טראָמבעצקע,
טראָמבעצקע מאַכט אַזוי:
טרו־טרו־טרו, טרו־טרו־טרו,
דאָס איז אַ טראָמבעצקע.

מאַכט ער מיר אַ פּייקעלע, אַ פּייקעלע,
פּייקעלע מאַכט אַזוי:
טרבאָם־באָם־באָם, טרבאָם־באָם־באָם,
דאָס איז אַ פּייקעלע.

מאַכט ער מיר אַ פידעלע , אַ פידעלע

פידעלע מאַכט אַזוי :

פידעל־מידעל, פידעל־מידעל,

דאָס איז אַ פידעלע .

טרבאָם־באָם־באָם , טרבאָם־באָם־באָם ,

דאָס איז אַ פייקעלע ,

טרו־טרו־טרו, טרו־טרו־טרו ,

דאָס איז אַ טראָמבעצקע ,

פיו־פיו־פיו , פיו־פיו־פיו ,

דאָס איז אַ פייפעלע .






## צעֶהלען זיך ביַים שפּיעלען

| I. | II. |
|---|---|
| איינגע־ביַינגע | איינס, צוויי, דריַי |
| סטופּע־צייַנגע, | אָדער־לידער־לייַ, |
| אַרצע־באַרצע, | אָקען־באָקען, |
| גאָלע־שוואַרצע, | ביַידע גלאָקען, |
| איַימעלע־רייַמעלע, | צירעלע, פּערעלע, |
| ביַיגעלע־פּיַיגעלע, | דוקס אַרויס! |
| האָפּ! | |

## רעטענישען:

### וואָס איז דאָס?

האָט בלעטער און איז ניט קיַין בוים; האָט אַ רוקען און איז ניט קיַין מענש.

שוואַרצע זאָמען אויף אַ וויַיסען פעלד; אַז מען עסט זיי, ווערט מען קלוג.

האָט ניט קיַין פּיס און געֶהט; האָט ניט קיַין מויל און צעֶהלט.

## העברעאיש־אידישע ווערטער.

19

ָ ַ ֶ

אַ אָ עֶ

שֶׁמֶשׁ = שאַמעש. נֶפֶשׁ = נעפעש.

יַם. טַעַם. רֶגַע. גַזְלָן. עַם הָאָרֶץ.

אַ סַך. לַמדן.

אַלע טײַכען פליסען אין יַם. רײַן וואַסער האָט ניט קײַן טַעַם. וואַרט אַ רֶגַע—הײַסט וואַרט אַ ווײַלע. יעדער לעבעדיגער נֶפֶשׁ דאַרף עסען. יעדע שוהל האָט איהר שַׁמֶשׁ. אויף דעם וואָס קאָן גאָר ניט לערנען, זאָגט מען—ער איז אַן עַם הָאָרֶץ. אויף דעם וואָס קאָן גוט לערנען, זאָגט מען—ער איז אַ לַמדן. אויף זעהר אַ שלעכטען האַרטהערציגען מענשען, זאָגט מען אָפּט: ער איז אַ גַזְלָן.

# גאָט, גאָט, גיב אַ רעגען!

גאָט, גאָט, גיב אַ רעגען
פון די קלײנע קינדערס װעגען!
אי בײַ טאָג, אי בײַ נאַכט
אַלע לאָדען צוגעמאַכט.
ניט קײן סך, ניט קײן ביסעל
נאָר אַ פולע שיסעל.

# קומט דער ליעבער זומער,

קומט דער ליעבער זומער,
שפּיעלען מיר אין זאַמד;
װאו עס איז אונזער װאוינונג,
דאָרט איז אונזער לאַנד.
שװאַרצע קאַרשען רײַסען מיר,
רױטע לאָזען מיר שטעהן;
גוטע קינדער נעהמען מיר,
שלעכטע לאָזען מיר געהן.

# דער וואָלף און דער שטאָרך

אַ וואָלף אַ גַזלָן האָט פערצוקט אַ שעפּעלע. האָט זיך איהם געשטעלט אַ ביין אין האַלז. רופט ער אויס:

— ווער עס וועט מיר אַרויסנעהמען דעם ביין, וועט פון מיר בעקומען אַ גוטען לוין.



קומט דער שטאָרך, שטעקט אַריין דעם וואָלף אין מויל זיין לאַנגען שנאָבעל און שלעפּט פון דאָרט ארויס דעם ביין.

— איצט — זאָגט דער שטאָרך — גיב מיר מײַן לוין.
רופט זיך אָפּ דער וואָלף:
— איז ניט גענוג פאַר דיר, אַז דו קאָנסט אַוועק פון דאנען און זיך בערימען: איך בין אַרײַן אין וואָלפס מויל און אַרויס פון דאָרט אַ גאַנצער?

איז דער וואָלף גערעכט?

---

## 20



צַדִיק=צאַדיק. סֵפֶר=סײַפער. מִנהָג=מינהעג. מַזִיק. יַמִים. פָּנִים. גַזלָן. גַזלָנִים. סֵדֶר. ספָרִים.

זעהר אַ גוטער און עהרליכער מאַן הײַסט אַ צַדִיק. אויף אַ גרויסען שטיפער זאָגט מען — ער איז אַ מַזִיק. אַמעריקע איז פון אַלע זײַטען אַרומגערינגעלט מיט גרויסע יַמִים. די הענט און דעם פָּנִים האַלט יעדער מענש געוועהנליך נישט פערדעקט. אַמאָל איז געווען בײַ אידען אַ מִנהָג־

ניט צו שערען אַ אינגעל זײַנע האָר ביז דרײַ יאָהר. אין די גרויסע װעלדער פלעגען זיך אַמאָל אויס־בעהאַלטען גַזְלָנִים. מען דאַרף שטענדיג האַלטען די ביכער ריין און אין אַ סֵדֶר. אַמאָל פלעגט מען אויף ביכער זאָגען סְפָרִים.

---

## דאָס העזעלע.

בין איך מיר אַ העזעלע, אַ העזעלע אויף דער װעלט,
שרעקעניש און פּײַן, שרעקעניש און פּײַן
פון דער גאַנצער װעלט מוז איך אויסשטעהן. —
בין איך מיר אַן אָרעמינקעס העזעלע אַלײן.
נעהט זיך מיר דער װינטערל,
דער װינטערל מיט די גרויסע שניי.
װערט דאָך מיר װינד און װעה.
װינד און װעה איז דאָך מיר,
װאָס איך האָב ניט קײַן קװאַרטיר.
בין איך מיר אַן אָרעמינקעס העזעלע אַלײן.
דאָ װער איך שוין געפאַנגען, געפאַנגען זעהר גיך.
ברײַנגט מען מיך צום פּריץ אויפן קיך.

שנײַדט מען מיר דאָס בײַכעל אײַן.
טרינקט מען דערנאָך מעד און װײַן.
בין איך מיר אַן אָרעמינקעס העזעלע אַלײַן,

---

## 21

ףּ   וֹ ·
ו   וי

# מוֹסֶר־מוסער. גוֹלָם=גוילאָם.

# גוֹף. יוֹשֶׁר. פּוֹרִים. עוֹלָם. שוֹמֵר

מען דאַרף דעם גוף שטענדיג האַלטען רײַן.
אַ נאַר און אַן אײַנגעשפּאַרטען העלפט נישט קײַן
מוֹסֶר. אַ גרױסען נאַר רופט מען גוֹלָם. בעהאַנדעל
דײַנע פרײַנד אַלעמאָל מיט יוֹשֶׁר. װאָס גרעסער
דער עוֹלָם, אַלץ מעהר טומעל. בײַנאַכט געהט
אַרום אַרום די קראָמען אַ שוֹמֵר צו היטען זײ.
פּוֹרִים פאַלט אױס אין ענדע װינטער.

---

# דער ליגנער.

מיכל האָט געפּיטערט שאָף ביים וואַלד, ניט ווייט פון דאָרף. איינמאָל האָט זיך אים פערגלוסט אויסצולאַכען אַ ביסעל פון די דאָרפסלייט. האָט ער אָנגעהויבען צו שרייען: „אַ וואָלף! אַ וואָלף! ראַטעוועט!"

איז זיך צונויפגעלאָפען דער עולם פון דאָרף מיט שטעקענס און מיט העק, נאָר זיי האָבען קיין וואָלף ניט געטראָפען. האָבען זיי פערשטאַנען, אַז מיכל האָט זיי אויסגענאַרט. זיינען זיי בייזע צוריק אין דאָרף געגאַנגען, יעדער צו זיין אַרבייט.

אויף מאָרגען איז אַרויס פון וואַלד אַ וואָלף און איז געגאַנגען גלייך צו דער טשערעדע. מיכל האָט איהם דערזעהן פון דערווייטען און געמאַכט אַ גוואַלט: „גיכער, ראַטעוועט! אַ וואָלף!" נאָר די דאָרפסלייט האָבען געמיינט, אַז ער מאַכט ווידער פון זיי שפּאַס, און קיינער פון זיי איז איהם צו הילף ניט געקומען. האָט זיך דער וואָלף אַריינגעריסען אין טשערעדע און דערוואָרגען דריי שעפּסעלעך.

22

# בּ—ב, ו. כּ—כ—ך, ח.

בָּנִים. אַבְרָהָם. יַעֲקֹב. בּטֶבַע. גַנֶב.
אַוַדַאי. כּדֵי. אַ כּלַל. בִּכְלַל. חָכָם.
חֵדֶר. חוֹדֶשׁ. פֶּסַח. כָּבוֹד. מַהֲלָךְ. סוֹחֵר.

אַבְרָהָם, יִצְחָק און יַעֲקֹב זײַנען אונזערע פאָטערס. גיט אָפּ כָּבוֹד אײַערע עלטערען, כּדֵי איהר זאָלט לאַנג לעבען. דער מאַן איז בּטֶבַע זעהר אַ גוטער. דער גַנֶב וועט אַוַדַאי פריהער אָדער שפּעטער האָבען זײַן פּסַק. עס איז אַ גרויסער מַהֲלָךְ פון אונזער הויז ביז דער שולע. מײַן פאָטער איז אַן אַרבײַטער, און זײַנער—אַ סוֹחֵר. פֶּסַח פאַלט אין חוֹדֶשׁ נִיסָן. אַמאָל האָט אַ אידישע שולע געהײַסען חֵדֶר.

---

## אַ פּאָר מעסטלעך.

---

אין דער שטאָדט, וואו רֶבּ פּנְחָס דער זוהן פון יָאִיר האָט געוואוינט, זײַנען אײַנמאָל אַראָפּגעקומען פון דער פרעמדער צוויי אָרימע מענשען. זיי האָבען דאָרטען געזוכט פערדיענסט. האָבען זיי

אָפּגעלעֶגט ביי רֶב פִּנחָסן אַ פּאָר מאָס גערשטען, וואָס זיי האָבען מיט זיך געהאַט.

דערנאָך זיינען די צוויי פרעמדע אַוועק פון דאָרטען, און זייער ביסעל גערשטען איז פערבליי־בען ביי רֶב פִּנחָסן. געדויערט אַביסעל צייט, און יענע קומען ניט. נעהמט רֶב פִּנחָס די גערשטען און פערזייהט זיי. דערנאָך, אַז די גערשטען זיינען אויפגעוואַקסען, האָט ער זיי אָפּגעשניטען און אַריינ־גענומען אין שייער. און אַזוי האָט ער געטון יאָהר נאָך יאָהר אויך מיט די ניי אויפגעוואַקסענע גערשטען.

אין זיבען יאָהר אַרום קומען צוריק די צוויי אָרימע לייט אין דערזעלבער שטאָדט. רֶב פִּנחָס האָט זיי באַלד דערקענט. פיהרט ער זיי צו צום שייער, בעוויזט זיי אויף די גרויסע הויפענס מיט גערשטען און זאָגט זיי:

„דאָס, וואָס איהר זעהט, איז אינגאַנצען אייַ־ערס. געהט, ברייגגט קעמלען און אייזלען און פערנעהמט אייער גוטס".

היט זיך, זאָלסט ניט פערנעהמען קיין פרעמדעס!

23

# ט, ת—ת. שׂ—שׁ—ס.

## טַעַם. תַּלְמִיד. טַלִית. תּוֹשָׁב. תָּמִיד.
## שַׁבָּת. שבוּעוֹת. שֵׂכל. סוּכּוֹת.

שַׁבָּת איז דער זיבעטער טאָג פון וואָך. פֶּסַח, שבוּעוֹת און סוּכּוֹת זײַנען די גרעסטע אידישע יָמִים טוֹבִים. די אידען, וועלכע קומען אין אַמעריקע, ווערען דאָרטען תּוֹשָׁבִים. איהם איז, קענטיג, גוט אויפן האַרצען: ער איז תָּמִיד לעבעדיג, תָּמִיד פרעהליך. ער האָט גאָרניט קײַן שֵׂכל און זײַנע ווערטער האָבען גאָרניט קײַן טַעַם. אַז מען גרײַט נישט אָן עֶרֶב־שַׁבָּת, האָט מען נישט שַׁבָּת.

## דער עֶדעלשטײַן.

דער געלעהרטער רֶבּ שִׁמְעוֹן בֶּן שָׁטַח איז געווען אַ נויטבעדערפטיגער און האָט געהאַנדעלט מיט פלאַקס. אײַנמאָל האָבען די תַּלְמִידִים פאַר איהם געקויפט אַן אײזעל בײַ אַן אַראַבער. געפינען

זײַ אויף דעם אײַזעלס האַלז פערשטעקט אַ טײַ־ערען עדעלשטײַן. רופען זײַ אוים מיט פרײַד: „רֶבִּי! גאָט האָט דיר צוגעשיקט אַ כָּשֵׁרָע מציאָה, ביסט נתעשר געוואָרען!" זאָגט רֶב שמעון בֶּן שָׁטַח: „נײַן, קינדער, איך האָב געקויפט אַן אײַזעל, ניט קײַן עדעלשטײַן", און האָט באַלד אָפגעשיקט דעם עדעלשטײַן צוריק צום אַראַבער.

ווי וואָלט איהר געטון, קינדער?

## 24

# לְבָנָה=לְבָנֶ. מִסתַּמָא=מִסתַּמֶ.

## תּוֹרָה. אֲבֵדָה. משֶׁה. שלֹמה. חֲרפָּה. בּוּשָׁה. חָכמָה. נשָׁמָה. שׂנאָה. שׂמחָה. מִסתַּמָא.

בײַ טאָג לײַכט די זון, בײַ נאַכט די לבָנָה מיט די שטערען. אַ גוטער מענש טראָגט ניט קײַן שׂנאָה אויף זײַן חַבֵר. אויף אַ גוטען מענשען זאָגט מען — ער האָט אַ גאָלדענע נשָׁמָה. משֶׁה און שלֹמה זײַנען אידישע נעמען. פאַר גרויס שׂמחָה האָבען זיך איהם געשטעלט טרערען אין

די אויגען. מסתּמא האָט ער זיך נישט גערעכט אויף אַזאַ פרייד. וואו תּורה דאָרט איז חכמה. עס איז אַ חרפּה און אַ בּושה, ווען אַ אידיש קינד קאָן ניט רעדען קיין אידיש.

אַ וואָך האָט זיבען טעג. די טעג הייסען: זונטאָג, מאָנטאָג, דינסטאָג, מיטוואָך, דאָנערשטאָג, פרייטאָג, שבּת. אַ טאָג האָט פיער און צוואַנציג שעה. אַ שעה האָט זעכציג מינוטען. דער טאָג ווערט איינגעטיילט אין פיער טיילען: דער אינדער־פריה, דער בּייטאָג אָדער דער נאָכמיטאָג, דער אָווענט און די נאַכט.

## די זון, די לבנה און דער אמת.

די זון און די לבנה זיינען געגאַנגען שפּאַצי־רען. דער אמת איז אויך צוגעשטאַנען צו זיי. האָבען זיי אָפּגערעדט, אַז אַלץ וואָס זיי וועלען געפינען אין וועג, זאָלען זיי צוטיילען צווישען זיך גלייך. אויף דעם וועג האָט יעדערער פון זיי געפונען צו דריי עפּעל. האָט די זון פער־לייקענט איין עפּעל און די לבנה צוויי, נאָר דער

אֶמֶת האָט גאָרנישט ניט פערלייִקענט. בײַם טײַלען האָט די זון זיך פערשעמט און איז רויט געוואָ־רען פאַר חרפּה און די לבֿנה איז בלײַך געוואָרען פאַר בושה. נאָר דער אֶמֶת איז ווי פריהער גע־בליבען רײַן און קלאָר.

דער אֶמֶת קומט אַרויף ווי בוימעל אויפן וואַסער.

---

## אַמאָל איז געווען אַ מַעֲשׂה.

א מאָל איז געווען אַ מַעֲשׂה,
די מַעֲשׂה איז גאָר ניט פרעהליך;
די מַעֲשׂה הויבט זיך אָנעט
מיט אַ אידישען מֶלֶךְ.
ליולינקע מײַן פייגעלע,
ליולינקע מײַן קינד!

אַ מאָל איז געוועזען אַ מֶלֶךְ,
דער מֶלֶךְ האָט געהאַט אַ מַלכּה,
די מַלכּה האָט געהאַט אַ ווײַנגאָרטען,
ליולינקע מײַן קינד!

דער ווײַנגאָרטען האָט געהאַט אַ בוים,
דער בוים האָט געהאַט אַ צווײַג,
דער צווײַג האָט געהאַט אַ נעסטעלע,
ליולינקע מײַן קינד!

דאָס נעסטעלע האָט געהאַט אַ פײַגעלע,
דאָס פײגעלע האָט געהאַט אַ פליגעלע,
דאָס פליגעלע האָט געהאַט אַ פעדערל,
ליולינקע מײַן קינד!

דער מֶלֶךְ איז אָפּגעשטאָרבען,
די מַלְכָּה איז געוואָרען פערדאָרבען
דער בוים איז אָפּגעבראָכען,
דאָס פײַגעלע פון נעסט אַנטלאָפען,
ליולינקע מײַן פײַגעלע,
ליולינקע מײַן קינד!

25

# רֵיחַ=רֵיאַח. כֹּחַ=כֹּאַח.
# נֹחַ. רוּחַ. שָׁלִיחַ. מַטְרִיחַ זַיִין. לוּחַ.

ער שרייבט זעהר גוט: ער לעגט אויס נֹחַ מיט זיבען גרייזען. אָפט קאָן מען מיט שֵׂכֶל אויפטון מעהר, איידער מיט כֹּחַ. זומער פאַרנאַכט גיבען די בלומען אַרויס פון זיך זעהר אַ געשמאַקען רֵיחַ. מען דאַרף ניט אומזיסט מַטְרִיחַ זַיִין אַן עלטערען מענשען. וואו מען דאַרף מֹחַ, העלפט ניט קיין כֹּחַ.

---

# פערגנייהען אַ שטויסעל.

אַ מאַן האָט געפונען אַ צובראָכען שטויסעל. ברייננט ער עס צו אַ שניידער און זאָגט: „פערגנייה מיר, זייַ מוחל, אָט דאָס צובראָכענע שטויסעל". דער שניידער בייגט זיך אָן, הויבט אויף אַ הייפעל זאַמד, דערלאַנגט עס דעם מאַן און זאָגט: „אַך, מיט דעם גרעסטען פערגעניגען!—נאָר פריהער זייַ דו זיך מַטְרִיחַ און דרעה אויס פון דעם זאַמד אַ פאַרים".



# דער פֿײַפֿער.

---

װער האָט דאָס געזעהען
און װער האָט דאָס געהערט,
אַז װאַסער מיט פֿײַער
זאָלען פֿיהרען װי אַ פֿערד?

אָ, האָט ער אַ פֿײַפֿער
מיט אַן אײַזערנעם כּחַ!
פֿון אונטען גיסט זיך װאַסער,
פֿון אױבען שפּאַרט אַ רױך!

הײַסע קױהלען
איז בײַ איהם אַ מאכל,
קאַלטע װאַסער
איז בײַ איהם אַ יַיכעל!

גוואַלד, רִבּונו שֶׁל עוֹלָם,
נעהם אָפּ בײַ איהם די יאָהרען,
ער זאָל ניט קאָנען פײַפען
און זאָל ניט קאָנען פאָהרען.

אָי, האָט ער אַ פײַפער
מיט אַן אײַזערנעם כּחַ,
פון אונטען גיסט זיך וואַסער,
פון אויבען שפּאַרט אַ רויך!

26

## סוֹף=סָף, קוֹל=קָל.

## רוב. מַזָל טוב. סוחרִים. אורחִים. יום.

דער אינגעל האָט אַ גוטען קול. חֲנוּכָּה איז אַ פרעהליכער יום טוב. אידישע קינדער האָבען דאָס רוב טונקעלע האָהר. ווען בײַ אײַנעם ווערט געבאָרען אַ ברודערל, גיט מען איהם אָפּ מַזָל טוב. וואַלד סוחרִים האַנדלען מיט וואַלד, תבוּאָה סוחרִים—מיט תבוּאָה. אַבְרָהָם אָבִינוּ

האָט זעהר שטאַרק געהאַלטען פון אויפנעהמען אורחים.

## דאָס אײַזען.

ווען דאָס אײַזען איז בעשאַפען געוואָרען, זײַנען די בוימער פערציטערט געוואָרען. „באַלד וועט קומען אַ סוף צו אונז — האָבען זײַ געטראַכט — מען וועט אונז אַלע אויסהאַקען".

— וואָס ציטערט איהר אַזוי? — האָט זײַ דאָס אײַזען געזאָגט — ווען איהר וועט נישט געבען קײַן האָלץ אויף אַ שטיל פאַר דער האַק, וועט אײַך קײַן בײַז ניט געשעהען".

## קינדער־ליעד.

די גרעזעלעך בליהען
אין פעלד אַלע גלײַך —
אַ קינד מעג זײַן פרעהליך,
צו אָרים צו רײַך.

די זון שיקט אונז אַלע
איהר ברָכָה, איהר שײַן —

צו דאַרף מען דען גיטער
אויף גליקליך צו זײַן ?

מיר אַלע—מיר זײַנען
נאָך קינדערלעך קלײַן ;
אונז פּאַסט נאָר זײַן פרעהליך
און טאַנצען צו געהן.

אונז פּאַסט נאָך זיך דרעהען
ראָד אוים און ראָד אײַן, —
אַז וואויל איז אונז אידישע
קינדער צו זײַן.

---

## 27

שבועות=שבועֶת. סוכות=סוכֶּת.
סִידור=סידֶר. אַפִּילו=אַפִּילֶ.
אָדָם הָרִאשון=אָדָם הָרִאשן.

צָפון, דָרום. פּרוטות. זִכָּרון.
סִיוָן. תִּשְרִי.

שבועות פאַלט אין חודש סיון סוכות אין חודש תשרי. אָדם הָראשון איז געווען דער ערשטער מענש. אַפילו אַ קלוגער מאַן זאָגט אַמאָל אַ נאַרישקייט. דער וואָס האָט אַ גוטען זכרון, קאָן ווערען אַ גרויסער למדן, ווען ער האָט נאָר חשק צו לערנען. סיי וויַיט צו צפון, סיי וויַיט צו דרום איז זעהר קאַלט. אַ ליגנער מוז האָבען אַ גוטען זכרון.

## די חכמה פון די אידישע קינדער.

### I.

### אַ סך און ביליג.

איינער אַ מאַן איז געקומען קיין ירושלים. בעגעגענט ער אַ אידיש קינד. גיט ער איהם עטליכע פרוטות און זאָגט איהם: „געה ברייַנג מיר אַזוינס, וואָס איך זאָל זיך דערמיט אָנעסען און זאַט ווערען, און נאָך איבערלאָזען און האָבען מיטצונעהמען אין וועג". געהט דאָס קינד און בריינגט איהם זאַלץ. קוקט איהם אָן דער מאַן פערוואונדערט:

— וואָס איז דאָס פאַר אַ מַאכל?

— איך האָב געבראַכט דאָס, וואָס דו האָסט פערלאַנגט — ענטפערט דאָס קינד, — עס וועט דיר קלעקען אי צום עסען און זאַט ווערען, אי נאָך איבערצולאָזען און מיטצונעהמען אין וועג.

---

II.

לויט דעם פרעג — דער ענטפער.

אַ מאַן איז געקומען קיין ירושָלַיִם. בעגעגענט ער אַ אידיש קינד, גיט ער איהם עטליכע פרוטות און זאָגט איהם: „געה ברייננ מיר אייער און קעז". געהט דאָס קינד און ברייננט. רופט זיך אָן צו איהם דער מאַן: „זאָג נאָר מיר, וועלכער קעז איז דאָ פון אַ ווייסער ציג און וועלכער — פון אַ שוואַרצער?"

דאָס קינד ענטפערט איהם גלייך אָפּ: „פעטער, איהר זייט אַ זָקן; אַדרַבֶּא, זאָגט איהר, וועלכעס איי איז פון אַ ווייסער הוהן און וועלכעס פון אַ שוואַרצער?"

אַ קלוג קינד איז אַ צירונג פאַר די עלטערן.

---

28

## שֵׂכל׳דיג. שַׁבָּת׳דיג. מַעֲשֶׂה׳לעך.
## גע׳מְסַחֶר׳ט. פער׳דַאגֶה׳ט. מַסֶר׳ן.

עס איז אַ גרויסער פערגעניגען צו מאַכען אַ שֵׂכל׳דיגע אויפגאַבע. צו יעדער שִׂמְחָה טוען מיר אָן שַׁבָּת׳דיגע קליידער. דער לעהרער דער־צעהלט אונז אָפט אין קלאַס שענע מַעֲשֶׂה׳לעך. ער האָט אַזוי לאַנג גע׳מְסַחֶר׳ט ביז ער האָט אָנגעוואָרען זיין גאַנצען פערמעגען. ער געהט אום זעהר פער׳דַאגֶה׳ט. זאָלסט קיינמאָל ניט מַסֶר׳ן אויף דיין חַבֶר.

---

## שָׁלוֹם.

אַ מאָל איז געווען אַ ברודער מיט אַ שוועס־טער — בִּנְיָמִין און חַנֶה׳לע. זיי האָבען צווישען זיך אַלעמאָל געלעבט בְּשָׁלוֹם און האָבען זיך קיינ־מאָל נישט געקריגט. איינמאָל זאָגט בִּנְיָמִין צו חַנֶה׳לען: „איך האָב געהערט, שוועסטערל, אַז עס זיינען פאַרהאַן קינדער, וואָס קריגען זיך. לאָ־מיר זיך אויך אַ ביסעלע צוקריגען“.

איך ווייס אָבער נישט, ווי מען טוט דאָס — האָט חַנָה׳לע געענטפערט.

„וועל איך דיך אויסלערנען" — האָט בִּנְיָמִין געזאָגט: „איך וועל נעהמען דאָס מעסערל, וואָס דער פאָטער האָט אונז ביידען געשענקט, און וועל זאָגען: „דאָס מעסערל איז מַיינס". זאָלסטו זאָגען: „ניין, דאָס מעסערל איז גאָר מַיינס". און אַזוי וועלען מיר זיך אָנהויבען צו קריגען.

בִּנְיָמִין האָט גענומען דאָס מעסערל און האָט אויסגעשריען: „זאָלסט וויסען, אַז דאָס מעסערל איז מַיינס!"

חַנָה׳לע האָט אַ ווַיילע געטראַכט און האָט געענטפערט: „אויב עס איז דַיינס, נעהם זיך דיר עס".

און דער ברודער מיט דער שוועסטער זַיינען ווידער געבליבען לעבען בְּשָׁלוֹם.

וואו שָׁלוֹם דאָרט איז בְּרָכָה.

---

29

כ׳בין=איך בין; ס׳איז=עס איז;
כ׳געה=איך געה; ס׳ווילט זיך=עס ווילט זיך.
ער׳ט געבען=ער וועט געבען.
דו׳סט קומען=דו וועסט קומען.
ער׳ט לערנען=ער וועט לערנען.
דו׳סט שרייבען=דו וועסט שרייבען.
ס׳קינד=דאָס קינד. ס׳וואָרט=דאָס וואָרט.

## דער וואָלף און דאָס שעפעלע.

אַ וואָלף האָט דערזעהען, ווי אַ שעפערע טרינקט וואַסער ביים טייך. ער האָט דאָס שעפּעלע געוואָלט פערצוקען; האָט ער גענומען זוכען צו איהם טַענות און זאָגט:

— דו פעראומרייניגסט מיר דאָס וואַסער אין טייך.

דאָס שעפעלע האָט שטיל געענטפערט:

— איך פעראומרייניג ניט דאָס וואַסער, כ׳ריהר עס קוים מיט די ליפּען אָן.

— און פאַרוואָס האָסטו פאַראַיאָהרען זומער מײַן טאַטען געזידעלט?

— כ'בין נאָך פאַראַיאָהרען זומער אַפילו אויף דער וועלט ניט געוועזן, — האָט זיך מיט הַכנָעָה דאָס שעפּעלע פערענטפערט.

דער וואָלף איז אין כַּעַס געוואָרען און האָט אויסגערופען:

— וואָס וועל איך דאָ מיט דיר לאַנג שמועסען! כ'בין נאָך הײַנט אויפן ניכטערען מאָגען און מוז דיך פערצוקען.

# הערבסט.

ס'איז דער הערבסט געקומען,
ס'וועלקען בוים און בלום.
געלע בלעטער, זעה איך,
וואַלגערן זיך אַרום.

ס'קומט אַ ווינט אַ קאַלטער,
פײַפט אַ ליעדעל צו,
און די אָרימע בלעטער
האָבען ניט קײַן רוה:

הויבען זיך און טאַנצען
טויטערדהייט, אָהן מאַכט;
און דער ווינט דער בייזער
פייַפט און שפּיעלט און לאַכט.

---

## 30

אויפ'ן=אויף דעם. אונטער'ן=אונטער
דעם. מיט'ן=מיט דעם. אינ'ם=אין
דעם. פאַר'ן=פאַר דעם. נאָכ'ן=נאָך
דעם. איבער'ן=איבער דעם.
פונ'ם=פון דעם. צום=צו דעם.
בייַם=ביי דעם.

אָמֶת קומט אַרויף ווי בוימעל אויפ'ן וואַסער.

אַ מְלָאכָה איז אַ פאַנציר פאַר'ן דַלוּת.

אַ שִׁכּוֹר און אַ נאַר גֵעהט מען אויס'ן וועג.

וואָס ביי אַ ניכטערן אויפ'ן לונג, איז ביים
שִׁכּוֹר אויפ'ן צונג.

דאָס פייגעלע האָט זיך געמאַכט אַ נעסט אונ-
טער'ן דאַך.

איך האָב איהם געוואונשען גליק פונ׳ם גאַנ־
צען האַרצען.

געפלויגען, געפלויגען אַ גאָלדענער פויגעל
איבער׳ן יַם דעם בריַיטען.

---

דער ברודער, ביי דעם ברודער, ביים ברודער.
דער פאָטער, מיט דעם פאָטער, מיט׳ן פאָטער.
דאָס הויז, אין דעם הויז, אינ׳ם הויז.
דאָס וואַסער, אונטער דעם וואַסער, אונטער׳ן וואַסער.

---

## דער זיידע און דער אייניקעל.

דער זיידע איז געוואָרען זעהר אַלט, קוים וואָס
ער האָט זיך געהאַלטען אויף די פיס. זיינע אויר־
גען האָבען שוין שלעכט געזעהן, זיינע אויערן שלעכט
געהערט, און אין מויל האָט ער קיין צייהן נישט
געהאַט. ביים עסען פלעגט זיך איהם גיסען צוריק
פון מויל אויפ׳ן טישטוך. האָבען דער זוהן און די
שנור איהם אויפגעהערט צו זעצען ביים טיש און
געגעבען איהם עסען הינטער׳ן אויווען. איינמאָל
האָט מען איהם געבראַכט עסען אין אַ לייהמענער
שיסעל. דער זיידע האָט זי געוואָלט צורוקען

געהענטער. זײַנע הענט האָבען זיך אָבער געטרײַ־סעלט. און ער האָט אומגערן אַראָפּגעוואָרפען די שיסעל און זי צובראָכען. די שנור האָט דערפאַר דעם אַלטען אָנגעזידעלט, און פון דאַמאָלסט אָן האָט זי איהם אָנגעהויבען צו געבען עסען אין אַ הילצערנער כֵּלִי.

איינמאָל זײַנען מאַן און פרוי געזעסען און גע־קוקט, ווי זייער זוהנעלע שפּיעלט זיך אויפ'ן דיעל מיט ברעטלעך.

— וואָס מאַכסטו דאָס, לייבעלע? — האָט איהם דער טאַטע געפרעגט.

— איך מאַך, טאַטעניו, אַ כֵּלִי, — האָט לייבעלע געענטפערט, — ווען דו און די מאַמעניו וועלען אַלט ווערען, וועל איך אײַך פון איהר עסען געבען.

דער פאָטער און די מוטער האָבען זיך איבער־געקוקט, זײַנען רויט געוואָרען און האָבען זיך צו־וויינט. און פון דאַמאָלסט אָן האָבען זיי ווידער אָנגעהויבען צו זעצען דעם אַלטען טאַטען בײַם טיש און האָבען זיך מיט איהם זעהר גוט און עדעל בעגאַנגען.

גיב אָפּ כָּבוֹד דײַן פאָטער און מוטער, וועסטו לאַנג לעבען.

## 31

# זומער־פֿײגעלע. נאַכט־ווינטער. אָװענט־שטערן. שנײ־װאָלקען. זילבער־קלאָר. גראָב־אײַזען. בעל־הבית. זומער־צײַט. גרינס־גאָרטען. בית־המדרש.

זומער־צײַט קאָן מען אויף די פעלדער זעהן זו־מער־פֿײגעלעך. נאָך אַ הײסען זומער־טאָג איז זעהר אַנגענעם אַ קיהלער נאַכט־ווינטער. זילבער־קלאָרע װאָלקענס האָבען געשוועבט איבער דעם הימעל און האָבען פערשטעלט די זונענשטראַלען. דער בעל־הבית פון דעם גרינס־גאָרטען האָט אויפגעגראָבען דעם גאָרטען מיט אַ גראָב־אײַזען. אין בית־המדרש לערנט מען.

---

## דער עפּעלבוים און דער רויזען־שטרויך.

---

אַ רויזען־שטרויך איז געוואַקסען ניט ווײַט פון אַן עפּעלבוים. דער רויזען־שטרויך איז געווען זעהר שטאָלץ, וואָס מענשען ליבען איהם, און האָט אײנ־מאָל אַזוי געזאָגט:

— ווער קאָן זיך מיט מיר פערגלײַכען? מײַנע

בלומען זײַנען אַ פֿערגעניגען פֿאַר'ן אויג און האָבען אַ פֿרעכטיגען רֵיחַ. אֱמֶת, דער עפּעלבוים איז גרעסער פֿון מיר, אָבער פֿון איהם האָט קײנער ניט קײן הֲנָאָה.

דער עפּעלבוים האָט זיך אָפּגערופֿען:

— אֱמֶת, דײַנע בלומען זײַנען טאַקע שײן און האָבען אַ געשמאַקען רֵיחַ; דערפֿאַר האָב איך אַ בעסער האַרץ אײדער דו.

פֿרעגט איהם דער רויזען־שטרויך:

— זאָג מיר, איך בעט דיך, וואָס טוסטו עפּעס פֿאַר אַזוינע גרויסע חֲסָדִים, וואָס דו בעריהמסט זיך מיט דײַן גוט האַרץ?

ענטפֿערט דער עפּעלבוים:

— ווען דו גיסט דעם מענשען דײַנע בלומען, טוסטו איהם פֿריהער אַ שטאָך טון מיט דײַנע דערנער; אָבער איך גיב מײַנע פֵּירוֹת אַפִילוּ אַזוינעם, וואָס וואַרפֿט אויף מיר שטײנער.

עס איז מעהר וויכטיג ווי מען גיט. אײדער וואָס מען גיט.

# דער אַלֶף־בֵּית

| מיטקלינגער: | | נאָמען | מיטקלינגער: | | נאָמען |
|---|---|---|---|---|---|
| געדרוקטע | געשריבענע | | געדרוקטע | געשריבענע | |
| א | א | אַלֶף | נ | נ | נוּן |
| בּ | בּ | בֵּית | ן | ן | לאַנגער נוּן |
| ב | ב | בֵית | ס | ס | סַמֶך |
| ג | ג | גִימֶל | ע | ע | עַיִן |
| ד | ד | דַלֶת | פּ | פּ | פֵּה |
| ה | ה | הֵא | פ | פ | פֵה |
| ו | ו | וָו *) | ף | ף | לאַנגער פֵה |
| ז | ז | זַיִן | | | |
| ח | ח | חֶית | צ | צ | צַדִיק |
| ט | ט | טֵית | ץ | ץ | לאַנגער צַדִיק |
| י | י | יוּד | | | |
| כּ | כּ | כָּף | ק | ק | קוּף |
| כ | כ | כָף | ר | ר | רֵישׁ |
| ך | ך | לאַנגער כָף | שׁ | שׁ | שִׁין |
| ל | ל | לַמֶד | שׂ | שׂ | שִׂין |
| מ | מ | מֶם | תּ | תּ | תָּו |
| ם | ם | שלום מֶם | ת | ת | תָו |

*) אין אידישע ווערטער ווערט דער קלאַנג אויסגעדריקט דורך ו—צוויי וואָווען.

# נקודות:

ַ ָ ֶ ִ ֵ וּ וֹ און ֹ

פַּתַח קָמֶץ סֶגל חִירִיק צֵירֶה שׁוּרוּק חוֹלֶם

אידישע זעלבסטקלינגער; אַ, אָ, ע, י, ו, יי, ײַ, וי, ע.

צוזאמענגעזעצטע קלאנגען: זש, דזש, טש.

פערקירצונגען; א. א. וו. = און אַזוי ווײַטער.
א. ד. ג. = און דאָס גלײַכען.
א. א. = און אַנדערע.
ד. ה. = דאָס הייסט.

## אָפּשטעל־צײכענס:

(,) — פּינטעלע. (,) — קאָמע. (;) — לאַנגע קאָמע. (:) — צוויי־פּונקט. (?) — פרעג־צײכען. (!) — אויסרוף־צײכען. (—) — שטריך. (-) — בינד־שטריכעלע. („ ") — פרעמד־צײכענס. ( ) — רינגעלעך. (...) — פיעל־פּונקט. (') — שטריכעלע אָדער אַפּאָסטראָף.

## 33

# צאָהלען:

צוואַנציג, איין און צוואַנציג, צוויי און צוואַנציג, דריי און צוואַנציג, פיער און צוואַנציג, פינף און צוואַנציג, זעקס און צוואַנציג, זיבען און צוואַנציג, אַכט און צוואַנציג, נייען און צוואַנציג.

דרייסיג, פערציג, פופציג, זעכציג, זיבעציג, אַכציג, נייענציג.

הונדערט, צוויי הונדערט, דריי הונדערט, פיער הונדערט, פינף הונדערט, זעקס הונדערט, זיבען הונדערט, אַכט הונדערט, נייען הונדערט, טויזענט.

---

## אַלֶף־בֵּית־ציפער.

| | | | |
|---|---|---|---|
| א — 1 | יא — 11 | כא — 21 | ר — 200 |
| בּ — 2 | יב — 12 | ל — 30 | ש — 300 |
| ג — 3 | יג — 13 | מ — 40 | ת — 400 |
| ד — 4 | יד — 14 | נ — 50 | תק — 500 |
| ה — 5 | טו — 15 | ס — 60 | תר — 600 |
| ו — 6 | טז — 16 | ע — 70 | תש — 700 |
| ז — 7 | יז — 17 | פּ — 80 | תת — 800 |
| ח — 8 | יח — 18 | צ — 90 | תתק — 900 |
| ט — 9 | יט — 19 | ק — 100 | |
| י — 10 | כ — 20 | קן — 150 | |

# דער ערשטער שניי.

אויף די פעלדער איז עמיץ
אַ ווייסער געפלויגען;
ער האָט אַלע טייכלעך
מיט זילבער בעצויגען.
ער האָט אויף די לאָנקעס
זיין מאַנטעל פערלאָרען...
גאָטס וועלט איז פון דעמאָלט
אַ ווייסע געוואָרען.

---

רעטעניש:

ריגעלט אָהן ריגלען און מויערט אהן ציגלען.

---

## די אַלטינקע מיט'ן בער.

I.

אַמאָל איז געווען אַן אַלטינקע. די אַלטינקע האָט געהאַט אַ סך אייניקלעך, קליינינקע קינדערלעך.

איינמאָל איז די אַלטינקע אַוועק אין וואַלד קלייבען יאַגעדעס. די קינדער זיינען געבליבען אַליין. זיי זיינען אַריין אין שטוב, פער־שפאַרט די טיר און זיך בעהאַלטען אין די ווינקעלעך. איינער

הינטערן אויווען, איינער אויפן אויווען; איינער אונטערן בעט, איינער אין בעט; איינער אונטערן קאַסטען, איינער אין קאַסטען. די איבעריגע האָבען זיך פערדוקט, וואו זיי האָבען נאָר געקאָנט; און דער אינגסטער אינגעלע העשעלע, ווי אַ פינגער די גרויס, איז אַריין אין אַ קליין פלעשעלע און געקוקט פון דאָרטען אַרוים.

II.

איז געקומען דער בער פון וואַלד, האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר און האָט אַרויסגעברומט:

— עפענט, קינדערלעך, אייער באָבען; עפענט זשע, קינדערלעך!

די קינדער האָבען דערקענט דעם בערם שטימע. האָבען זיי געשוויגען און נישט געעפענט.

דער בער האָט נאָך אַמאָל אָנגעקלאַפּט און אַרויסגעברומט:

— עפענט אייער באָבען, שטיפער!

די קינדער האָבען געשוויגען און זיך נישט אָפּגערופען.

אַ דריטען מאָל האָט דער בער אַ שטאַרקען קלאַפּ געטון. דער ריגעל פון טיר האָט זיך צובראָכען, און די טיר האָט זיך ברייט אויפגעעפענט.

דער בער איז אַריין אין שטוב, האָט אַרומגעשמעקט מיט זיין נאָז אַלע ווינקעלעך, האָט געפונען די קינדערלעך, אויסגעצויגען פון זייערע ווינקעלעך און האָט זיי איינגעשלונגען איינעם נאָכ'ן אַנדערען. געבליבען איז נאָר דער קליינער העשעלע, וואָס איז געזעסען אין פלעשעלע.

III.

דער בער איז אַוועק צוריק אין וואַלד, און די אַלטינקע איז געקומען צוריק אַהיים מיט אַ פולען פאַרטוך יאַגעדעס און האָט געזאָגט:

„קינדערלעך מײַנע, אײניקלעך מײַנע, קומט אַהער!
יאַגעדלעך שענע, יאַגעדלעך פײַנע, ווער וויל, ווער?"

און שטוב איז שטיל; עס הערט זיך קײַן פּיפּס ניט.
רופט די אַלטינקע נאָך אַמאָל:

„קינדערלעך מײַנע, אײניקלעך מײַנע! וואו זײַט איהר?
קינדערלעך מײַנע, אײניקלעך מײַנע, אַהער צו מיר!"

רופט זיך אָפּ דער קלײנער העשעלע פון זײַן פלעשעלע:

„באָבע, באָבע, באָבעניו!
אַ בייזער שלעכטער בער
געקומען איז אהער,
אַלע קינדער אויפגעגעסען.
געבליבען בין איך, העשעלע,
אָט דאָ אין דעם קלײנעם פלעשעלע,
וואו איך בין שטיל געזעסען".

IV.

די אַלטינקע האָט גענומען אַ מעסער און איז צוריק אַוועק אין וואַלד. זי האָט זיך אַנידערגעזעצט צווישען די יונגע ביימעלעך און האָט גערופען:

„בערעלע, בערעלע! קום נאָר צו מיר —
קאַשע מיט מילכבעלע האָב איך פאַר דיר!"

— איך וויל נישט! — האָט אַרויסגעברומט דער בער.
די אַלטינקע האָט נאָך אַמאָל גערופען:

„בערעלע, בערעלע! קום נאָר צו מיר —
האָניג מיט ברייטעלע האָב איך פאַר דיר!"
— איך וויל ניט! — האָט דער בער אַרויסגעברומט.
האָט די אַלטינקע ווידער גערופען:
„בערעלע, בערעלע! קום נאָר צו מיר —
אַ שעֶן פיין ליעדעלע האָב איך פאַר דיר!
פון וואַלד צו מיר קום נאָר אַרויס,
פערשלעפער איך דיך אין מיין שויס."
— אָט בין איך! אָט בין איך! — האָט אַרויסגעברומט דער בער.

איז געקומען דער בער און אַוועקגעלעגט זיין קאָפּ אויף דער אַלטינקערס קניע. די אַלטינקע האָט איהם געזונגען אַ וויג־ליעדעלע און געגלעט איהם איבער'ן קאָפּ, ביז ער איז אַנטשלאָפען געוואָרען. דאַן האָט די אַלטינקע גענומען דעם מעסער, אויפגעשניטען דעם בער דעם בויך און אַרויסגענומען פון דאָרטען אַלע קינדערלעך, פרישע און געזונטע.

ווי זיי האָבען דערזעהן די באָבען, האָבען זיי אויסגעשריען:
„גוט מאָרגען, באָבעניו!"

די אַלטינקע האָט געבראַכט די אייניקלעך אַהיים, זי האָט זיי אַרומגעוואַשען, אָנגעטון ריינע ווייסע העמדעלעך און האָט געגעבען אַלעמען קאַשע מיט מילך און צו צוויי פולע הויפענס יאַגעדעס יעדערן. דערנאָך האָט זי געזאָגט צו זיי:
קינדערלעך מיינע, אייניקלעך מיינע,
טוט זיך אָן און געהט אין שולע
און לערנט פלייסיג.

די קינדערלעך האָבען זיך אָנגעטון און אַוועקגעגאַנגען אין שולע אַריין לערנען.

---

# די חושים.

מיט די אויגען זעהען מיר; מיט די אויערן הערען מיר; מיט די פינגער טאַפּען מיר אָן; מיט׳ן צונג און מיט׳ן גומען פיהלען מיר אַ טַעַם; מיט דער נאָז פיהלען מיר אַ רֵיחַ.



מיר האָבען פינף אויסערליכע געפיהלען: 1) דאָס געפיהל פון זעהען, 2) דאָס געפיהל פון הערען, 3) דאָס געפיהל פון אָנטאַפּען, 4) דאָס געפיהל פון טַעַם און 5) דאָס געפיהל פון רֵיחַ.

אַנדערש ווערען די אויסערליכע געפיהלען אָנגערופען „חוּשִׁים". 1) דער חוּש פון זעהען, 2) דער חוּש פון הערען, 3) דער חוּש פון אָנטאַפּען, 4) דער חוּש הַטַעַם און 5) דער חוּש הָרֵיחַ.

---

## רייכקייט.

---

אַ בָּחוּר האָט בעגעגענט זיין אַלטען רֶבּי'ן און האָט זיך פאַר איהם אָנגעהויבען צו קלאָגען אויף זיין אָרימקייט.

— צו ביסטו ווירקליך אַזוי אָרים? — האָט איהם דער רֶבּי גע־פרעגט — פאַר וויפיעל געלד וואָלסטו מיר פערקויפט דיינע אויגען, וועלכע זעהען אַזוי שאַרף?

— פאַר קיין געלד ניט! — האָט דער בָּחוּר געענטפערט.

— נו, און די הענט דיינע, וועלכע אַרבייטען אַזוי געשיקט, פאַר וויפיעל וואָלסטו זיי פערקויפט?

— איך וועל זיי ניט פערקויפען.

— און דיינע אויערען, וואָס הערען אַזוי גוט? און די פיס, וואָס טראָגען דיך איבער דער גאַנצער וועלט?

— איך וועל זיי פאַר קיין געלד אויף דער וועלט נישט פער־קויפען.

— אויב אַזוי, — האָט דער ר׳ בּ׳י געזאָגט — קלאָג זיך ניט, אַז דו ביסט אָרים. דו ביסט געזונט און ביסט שוין דערמיט אַליין גענוג רייך.

---

## צווייַ און איינס.

דו האָסט איין מויל און אויגען צוויי.
פאַרוואָס? כ׳וועל דיר בעשייַדען:
זיי זייַנען צוויי — זאָלסט זעהען וואויל,
און איינס — זאָלסט ווענינ רעדען.

דו האָסט איין מויל און אויערן צוויי,
און זאָלסט דאָס ניט בעקלאָגען:
פיעל זאָלסטו הערען אַנדערע,
אַליין גאָר ווענינ זאָגען.

דו האָסט איין מויל און הענט אַ פּאָר,
דו זאָלסט דאָס ניט פערגעסען:
זיי זייַנען צוויי צום אַרבּייטען
און איינער נאָר צום עסען.

---

רעדען איז זילבּער און שווייַגען איז גאָלד.

די אויערן מוזען הערען, וואָס דאָס מויל רעדט.

# דער קריג פון די אֵבָרים.

די אֵבָרים פון דעם מענשליכען קערפּער האָבען זיך אַמאָל צוקריגט און בעשלאָסען אויף ווייטער ניט בעדיענען איינער דעם צווייטען.

— מיר ווילען ניט אומגעהן — האָבען גע׳טַעֲנֶה׳ט די פיס — מיר ווילען אייך אַלעמען ניט טראָגען אויף זיך; געהט אייך אַליין!

— און מיר ווילען ניט אַרבייטען אויף אייך — זאָגען די הענט — אַרבייט אַליין!

— און וואָס בין איך מחוּיָב געבען אייך אַלעמען עסען? — האָט אונטערגעברומט דאָס מויל — כ׳וויל ניט קייען קיין שפּייז פאַר׳ן מאָגען!

— און מיר זיינען אייך קיין שוֹמְרִים ניט! — כַּעַס׳ן זיך די אויגען — אַן עק, מעהר קוקען מיר ניט!

אַזוי האָבען זיך פערעַקשֶׁנ׳ט אַלע גליעדער און אַנטזאָגט זיך צו טון יעדער זיין אַרבייט.

וואָס זשע איז אָבער דערפון אַרויסגעקומען? אַלע גליעדער זיי־נען אָפּגעשוואַכט געוואָרען און דער גאַנצער קערפּער איז געוואָרען קראַנק

דאַמאָלסט האָבען זיי אַלע פערשטאַנען, אַז עס איז נאַריש צו קריגען זיך און אַז מען דאַרף העלפען איינער דעם אַנדערען. און יע־דער פון זיי האָט זיך ווידער לעבעדיג גענומען צו זיין אַרבייט און זיי זיינען בעזונט געוואָרען.

---

**אין אייניגקייט ליעגט קראַפט.**

# דער וואָלף און דער פוקס.

אַמאָל איז אַ הונגעריגער וואָלף אָנגעפאַלען אויף אַ פוקס און געוואָלט איהם צורייַסען.

זאָגט איהם דער פוקס:

„וואָס קאָן איך ביַי דיר קלעקען? — אינגאַנצען אויף איין צאָהן. איך בין דאָך הוילע פעל און ביינער. אויב דו ווילסט יאָ אַ רעכט הַנָאָה האָבען, פאָלג מיך און געה אַריין אין אַ אידישען הויף. הייַנט איז ביַי זיי עֶרֶב שַׁבָּת, וועסטו זיי מיטהעלפען צוגרייטען צו דער שַׁבָּת׳דיגער סְעוּדָה און דערפאַר וועסטו שוין פון זיי בעקומען א פעטען חֵלֶק".

פאָלגט איהם דער וואָלף און לאָזט זיך לויפען.

ווי נאָר ער האָט געוואָלט אַריין אין ערשטען אידישען הויף, איז מען אַרויס אַנטקעגען איהם מיט שטעקענס, גוט אָנגעבראָכען איהם די ביינער און פערטריבען. קומט ער קוים אַ לעבעדיגער צום פוקס צוריק און איז מָלֵא רְצִיחָה:

„דו אַזוינער און אַזוינער! פערפיהרען האָסטו מיך געוואָלט. נאָר צורייסען וועל איך דיך!"

— זיי ניט אַזוי אויפגעבראַכט — בערוהיגט איהם דער פוקס — ניט אַנדערש, דו האָסט בעקומען די קלעפּ נאָר פאַר דיין פאָטערס חַטָאִים: ער האָט אַמאָל זיי מיטגעהאָלפען צוגרייטען צו דער סְעוּדָה, האָט ער בִּשְׁעַת מַעֲשֶׂה אויסגעכאַפּט וואו נאָר אַ פעטער ביסען. נאָר איך זעה, אַז דו ביסט נעבעך שטאַרק אויסגע־הונגערט און אויסגעמאַטערט. קום מיט מיר, וועל איך דיר וויַיזען אַן אָרט, וואו דו וועסט זיך אָנעסען צו זאַט.

## II.

פיהרט איהם דער פוקס אַוועק צו אַ ברונעם, אויף וועלכען ס'איז געווען איבערגעלעגט אַ הילצערן וועלצעל מיט אַ שטריק. און ביי ביידע עקען שטריק זיינען געווען אָנגעבונדען עמער: ווען איין עמער לאָזט זיך אַראָפּ אין ברונעם, הויבט זיך דער אַנדערער אויף. זעצט זיך דער פוקס אַריין אין אויבערשטען עמער און לאָזט זיך אַראָפּ. הויבט זיך דער אונטערשטער עמער אַרויף.

שרייט דער וואָלף אַריין אין ברונעם:

— עֶה, פוקס, וואָס טוסטו דאָרט אַזוינס?

זאָגט דער פוקס:

„איך האָב דאָ דערטאַפּט אַ גאַנץ געשמאַקען ביסען: אַ פרישען שטיק קעז, זילבער־קלאָר, צוגעֶהט זיך אין מויל. אָט זעה אַליין!" און דערביי ווייזט ער איהם אָן מיט דעם פוס אויפ'ן אָרט אונטען אין וואַסער, וואו עס שפּיגעלט זיך אָפּ די שעֶנע לבָנָה און זעהט אויס ווי אַ געפּרעסטער אויסגעקיילעכדיגטער שטיק קעז.

— אוי זאָג נאָר, ווי אַרום קאָן איך אויך צוקומען דערצו? — פרעגט דער וואָלף און בעלעקט זיך.

— גאָר פָּשוּט — ענטפערט דער פוקס — מען נעהמט און מען זעצט זיך אַריין אין אויבערשטען עמער, ווערט שוין רעכט.

פאָלגט איהם דער וואָלף און לאָזט זיך אַראָפּ. און ווי ער איז אַראָפּ, אַזוי איז אַנטקעגען איהם דער פוקס אין אונטערשטען עמער אַרויף.

„עס, עס! — שרייט איהם דער פוקס אַראָפּ — זאָל דיר וואויל בעקומען!"

— וואָס עסען, ווער עסען! — שרייט דער וואָלף אַרויף, נאָכ־

דעם ווי ער האָט זיך אַרומגעזעהן, אַז ער איז דאָ מְיאוּס אַרײַנגעפאַלען — זאָג בעסער, דו פאַלשע בְּרִיאָה, ווי אַרום קריכט מען פון דאַנען אַרויס?

„ליעג דאָרט, ליעג! — ענטפערט דער פוקס. — ווי זאָגט מען: דער גערעכטער קריכט פון אומגליק אַרויס, און דער רָשָׁע אויף זײַן אָרט אַרײַן״.

---

## פריהלינג.

דאָס טײַבעלע וואָרקעט,
דאָס טײַבעלע רופט:
„שטעהט אויף, קינדער! ליכטיג
און פריש איז די לופט.

עס ציהען זיך, ציהען
פון הימעל און פאַלען
ווי גאָלדענע פעדים
די וואַרימע שטראַהלען.

דאָס ביהנעלע זשומעט
און זויגט אָהן אַ מאָס
די זאַפט פון די רויזען,
דעם טהוי פון די גראָז.

די פֿייגעלעך זינגען
אין וואַלד און אין טאָל;
עס הערען זיך ליעדער
אַרום אָהן אַ צאָהל.

די פֿישעלעך שווימען
אַרויף אויף די וועלען;
זיי טאַנצען אין וואַסער,
זיי שפּרינגען, זיי קוועלען.

עס בליהען די בוימער,
עס שפּראָצען די בלומען.
צו אונז איז דער פֿריהלינג,
דער פֿריהלינג געקומען!

---

## דער שטערנבער.

I.

פֿאַרצייטען, שוין זעהר לאַנג צוריק, איז אַמאָל געוואָרען אויף דער ערד אַ גרויס טריקעניש: אַלע וואַסערן — אַלע יַמִים, אַלע טייכען, אַלע ברונעמס זיינען איינגעצאַנצען אויסגעטריקענט געוואָרען; און פֿערוועלקט זיינען געוואָרען אַלע בוימער און ביימעלעך און בלומען און גרעזער. און מענשען און חַיוֹת זיינען געשטאָרבען פֿון דורשט.

איז אַמאָל בײַנאַכט פון אַ הויז אַרויסגעגאַנגען אַ מײַדעלע מיט אַ קריגעל זוכען ערגעץ וואַסער פאַר איהר קראַנקער מו־טער. האָט זי אָבער אין ערגעץ קײַן טראָפּען וואַסער נישט געפונען. און שרעקליך מיעד איז זי שוין געווען, האָט זי זיך געלעגט אויפ'ן פעלד אינ'ם אויסגעטריקענטען גראָז און פון מיעד־קײַט אַנטשלאָפען געוואָרען.

דאָס מײַדעלע איז לאַנג געשלאָפען, און אַז זי האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט זי באַלד אַ כאַפּ געטון דאָס קריגעל און שיער נישט פערגאָסען דאָס וואַסער פון איהם: אַזוי פול איז עס געווען מיט גוט קלאָר וואַסער. האָט דאָס מײַדעלע זיך דערפרעהט און האָט שוין געוואָלט זיך אָנטרינקען מיט'ן פריי־שען וואַסער; נאָר זי האָט זיך באַלד דערמאָנט, אַז עס וועט פילײַכט דערנאָך פעהלען פאַר דער מוטער. האָט זי שוין נים געטרונקען און איז אַהײַם געלאָפען מיט'ן קריגעל. און זי איז אַזוי געשווינד געלאָפען, אַז זי האָט נישט בעמערקט אויפ'ן וועג אַ הינטעל בײַ איהרע פיס. זי האָט זיך דערויף אָנגע־שלאָגען און אַראָפּגעלאָזט דאָס קריגעל. דאָס הינטעל האָט אַ יוײַנענדיגען קוויטש אַרויסגעלאָזט, און דאָס מײַדעלע האָט זיך גע־כאַפּט פאַר'ן קריגעל.

זי האָט געמײַנט, אַז דאָס וואַסער פון קריגעל איז שוין פערגאָסען, נאָר נײן, — דאָס קריגעל איז אויף דער ערד געשטאַנען, און קײַן אײן טראָפּען וואַסער איז פון איהם נישט פערגאָסען געוואָרען. האָט דאָס מײַדעלע אָפּגעגאָסען אַ ביי־סעלע וואַסער אויף דער האַנט און געגעבען דעם הינטעלע. דאָס הינטעלע האָט געלעקט און זיך געפרעהט.

II.

און דאָס מײַדעלע האָט ווידער גענומען דאָס קריגעל און האַנט איז עס פון אַ הילצערנעם געוואָרען אַ זילבערן קריגעל.

לויפט דאָס מײַדעלע אַהײם און דערלאַנגט דער מוטער דאָס קריגעל מיט וואַסער. זאָגט איהר די מוטער: „איך בין אַזוי שוואַך, מײַן ליעב קינד, אַז איך וועל שוין סײַ ווי מעהר ניט לעבען, נעהם דו בעסער און טרינק אַלײן“. און אין דער מינוט איז ווידער פון זילבערנעם קריגעל געוואָרען אַ גאָלדען. אָבער דאָס מײַדעלע איז שוין אַזוי פערחלש׳ט געווען פון דורשט, אַז זי האָט זיך ניט מעהר געקאָנט אײַנהאַלטען און שוין געוואָלט נעהמען דאָס קריגעל צום מויל און טרינקען. נאָר פונקט אין דער מינוט עפענט זיך די טיר און עס קומט אַרײַן אַן אַלטער מאַן און בעט, מען זאָל איהם געבען אַ טרונק. האָט דאָס מײַדעלע פערשטיקט אין זיך דעם דורשט און דערלאַנגט דעם אַלטען מאַן דאָס קריגעל מיט וואַסער. און דאָ זײַנען פון קריגעל פלוצלונג אַרויסגעשפּרונגען זיבען גרויסע בריליאַנטען, און עס האָט אַרויסגעשלאָגען אַ גאַנצער שטראָם מיט פרישׁ וואַסער.

און די בריליאַנטען האָבען זיך אויפגעהויבען אַלץ העכער און העכער ביז צום הימעל און פון זיי איז געוואָרען דער גרויסער „שטערען־בער“, וואָס מען זעהט בײַנאַכט צווישען די שטערען אויפ׳ן הימעל.

---

אַ גוט האַרץ איז טײַערער פאַר גאָלד.

---

# דרײַ אײַנפֿאַלען.

I.

אײַנער אַ ירושָלַיִם׳ער איד, אַ לײַטישער און אַ פֿער־מעגליכער מאַן, האָט אַ צײַט פֿערבראַכט אין דער פֿרעמד אויף דער פּראָווינץ. פּלוצלונג איז ער דאָרט פֿערשלאָפֿט געוואָרען און געהאַלטען בײַם שטאַרבען. פֿאַר׳ן טויט רופֿט ער צו זיך דעם בַּעַל־אַכסַניָא, גיט איהם איבער דאָס גאַנצע געלד זײַנס און זאָגט איהם אַזוי:

— אויב מײַן זוהן, דער יוֹרֵשׁ, וועט אַראָפּקומען פֿון ירושָלַיִם אַהער נאָכ׳ן געלד, זאָלסטו עס איהם אַנדערש ניט אָפּגעבען, סײַדען ער וועט פֿריהער בעווײַזען פֿאַר דיר דרײַ קלוגע אײַנפֿאַלען.

געשטאָרבען — בעגראָבען.

אין אַ צײַט אַרום קומט אַראָפּ דער זוהן. און אין שטעד־טעל איז געוועזען אָפּגעמאַכט, אַז קײַנער טאָר נישט אָנווײַזען דעם גאַסט, וואָס פֿרעגט זיך נאָך אויף עמיצען, וואו יענער וואוינט.

געקומען צום טויער פֿון דער שטאָדט, דערזעהט דער יוֹרֵשׁ — אײַנער טראָגט זיך אַרום אין מאַרק מיט אַ בינדעל האָלץ.

— צום פֿערקויפֿען? פֿרעגט דער אָנגעקומענער.

— יאָ — ענטפֿערט דער טרעגער.

— נאַ זשע דיר לויט דעם פּרײַז פֿאַר׳ן האָלץ און טראָג עס אַוועק צו יענעם און יענעם! — און דערבײַ האָט דער גאַסט אָנגערופֿען דעם נאָמען פֿון יענעם בַּעַל־אַכסַניָא.

געהט דער האָלצטרעגער פאָרויס און ער נאָך איהם, ביז זיי זיינען געקומען אין הויף פונ'ם הויז, וואָס ער האָט בעדאַרפט.

— עה, דער און דער! קום נעהם צו דיין בינדעל האָלץ — רופט דער האָלצטרעגער צו יענעם בַּעַל־הַבָּית.

— וואָס פאַר אַ האָלץ? פרעגט יענער פערוואונדערט — ווען האָב איך דיר געהייסען ברייגען האָלץ?

— געהייסען האָט אָט דער מאַן, וואָס געהט נאָך מיר — זאָגט דער האָלצטרעגער.

II.

גיט אָפּ דער בַּעַל־הַבָּית דעם גאַסט „שָׁלוֹם" און פיהרט איהם אַריין צו זיך אין שטוב.

— ווער איז אַ יונגערמאַן? — פרעגט דער בַּעַל־הַבָּית.

— איך בין — ענטפערט יענער — דער זוהן פון דיזים מאַן, וואָס איז ביי דיר אין שטוב געשטאָרבען.

נעהמט איהם דער בַּעַל־הַבָּית זעהר שֵׁען אויף און מאַכט פאַר איהם אַ מאָלצייט. זעצט זיך אַרום טיש דאָס גאַנצע הויזגעזינד: דער בַּעַל־הַבָּית, זיין פרוי, צוויי זיהן און צוויי טעכטער. דערלאַנגט מען צום טיש פינף געבראָטענע הינדלעך. איז דער בַּעַל־הַבָּית מכבד דעם גאַסט מיט טיילען.

קווינקעלט זיך דער גאַסט. שטעהט אָבער דער בַּעַל־הַבָּית צו איהם צו. טוט איהם דער גאַסט צוליעב און נעהמט טיילען. לעגט ער אַוועק איין הינדעל צווישען מאַן און ווייב, אַ צווייטעס — צווישען די צוויי זיהן, אַ דריטעס — צווישען די צוויי

טעכטער און די לעצטע צוויי היהנדלעך לעגט ער פאַר זיך. עסט מען און מען מאַכט זיך ניט וויסענדיג.

פאַרנאַכט ברייננגט מען אַ געשטאָפּטע הוהן. שטעהט דער בַּעַל־הַבַּיִת ווידער צו צום גאַסט, ער זאָל זיין דער אויס־טיילער. טוט יענער איהם ווידער צוליעב און טיילט דאָסמאָל איין אויף אַזאַ אופן: דעם קאָפּ לעגט ער אַוועק פאַרן בַּעַל־הַבַּיִת, די אינוועניגסטע—פאַר דער פרוי, די צוויי פיסלעך—פאַר די צוויי זיהן, די צוויי פליגלען — פאַר די צוויי טעכ־טער, און זיך נעהמט ער דעם גאַנצען גענעפּענטען גוּף.

III.

דאָ האָט שוין דער בַּעַל־הַבַּיִת זיך ניט געקאָנט איינ־האַלטען און איהם אַ פרעג געטון: „ווגנערמאַן, האָט מיר קיין פאַראיבעל ניט. עפּעס אַ מְשׁוּנֶה מין אויסטיילען! אַזוי איז טאַקע אין אייערע מְקוֹמוֹת דער מִנְהָג?“

— ליעבער בַּעַל־הַבַּיִת! — האָט דער גאַסט געענט־פערט—איהר ווייסט דאָך, אַז איך האָב זיך ביידע מאָל אָפּ־געזאָגט פון אויסטיילען, ווייל אין אֶמֶת'ן גערעדט, איז עס נישט מיין זאַך. נאָר פון דעסטוועגען געפין איך, אַז איך האָב ביידע מאָל אויסגעטיילט, ווי געהעריג. דאָס ערשטע מאָל האָט מען געבראַכט פינף היהנדלעך. איין היהנדעלע פאַר דיר און דיין פרוי—האָבען מיר אינאיינעם אַ דרייער; דיינע צוויי זיהן מיט אַ חיהנדעל — ווידער אַ דרייער; דיינע צוויי טעכ־טער מיט אַ היהנדעל—אָבער־אַמאָל אַ דרייער. נו, און איך מיט צוויי היהנדלעך — אויך ניט מעהר ווי אַ דרייער. וואָס, האָב איך אֶפְשָׁר פערנומען אַ פרעמדען חֵלֶק? היינט מיט

דער געשטאָפּטער הוהן. דער קאָפּ קומט דיר. דו ביסט דאָך דער קאָפּ פון דער שטוב. די אינוועניגסטע -- דיין פרוי, פון איהר קומען דאָך די קינדער אַרויס. די צוויי פים — דיינע זיהן, ווייל זיי זיינען די זיילען פונ'ם הויז. די צוויי פליגלען — דיינע טעכטער: מאָרגען האָבען זיי חתונה למזל, הויבען זיי זיך אויף און פליהען פון דאַנען אַוועק מיט זייערע מאַנען. איך פאַר זיך האָב גענומען דעם גוף, וואָס איז עהנליך צו אַ שיפעל: מיט אַ שיפעל בין איך אַהער געקומען און מיט אַ שיפעל פאָהר איך אַוועק. גיב זשע מיר, זיי מוחל, אָפּ דאָס געלד, וואָס מיין פאָטער האָט ביי דיר איינגעלעגט און לאָז מיך אָפּ.

נאָך די דריי איינפאַלען פונ'ם יורש האָט דער בעל־הבית ניט גערעדט קיין וואָרט, איהם באַלד אָפּגעגעבען זיינס און אָפּגעלאָזט בשלום אַהיים.

---

## אַ שטילע זומער־נאַכט.

---

שטיל די וואָלקענס אין דער לופטען;
פון אַ ווינטעלע קיין וועהען,
פון אַ בערגעלע קיין ווינקען,
פון דעם הימעל קיין געשטער.

פון דעם טייכעלע קיין מורמעל,
פון אַ ביימעלע קיין שאָקעל,

פון אַ בלעטעלע קײַן שעפּטשע,
פון אַ צווײַגעלע קײַן וויג.

פון די לעמעלעך קײַן מעקען,
פון די פֿײַגעלעך קײַן פּיפּטשע,
פון די פליגעלעך קײַן זשומען,
פון אַ ווערימעל קײַן ריהר.

---



דערצעהלט, וואָס זעהט איהר אויפ'ן בילד.

---

# פון חומֶש.

## אָדָם און חַוָה.

I.

דער ערשטער מענש אויף דער וועלט איז געווען אָדָם. איז איהם געווען אומעטיג. האָט גאָט איהם איינגעשלעפערט, און אין שלאָף האָט ער ביי איהם אַ ריפּ פון לייב אַרויס־גענומען און געמאַכט פון איהר אַ פרוי פאַר אָדָם׳ען. און אָדָמ׳ס זייט האָט ער פערהיילט.

איז אָדָם אויפגעשטאַנען און האָט דערזעהן די פרוי נעב־ען זיך. האָט ער זיך זעהר דערפרעהט. און ער האָט איהר אַ נאָמען געגעבען חַוָה.

געוואוינט האָבען אָדָם און חַוָה אין גַן־עֵדֶן. דאָר־טען איז געווען ליכטיג און וואַרים. די שענסטע בוימער און פרוכטען פון גאָר דער וועלט האָבען דאָרט געוואַקסען. און די ערד האָט אַרויסגעגעבען ברויט אָהן קיין אַרבייט.

אין גַן־עֵדֶן זיינען אויך געווען צוויי מאָדנע בוימער. איין בוים — דער עֵץ־הַחַיִים — דער „לעבען־בוים"; אַז מען האָט פון איהם געגעסען, האָט מען אייביג געלעבט. און דער אַנדערער — דער עֵץ־הַדַעַת — דער „וויסען־בוים"; אַז מען האָט פון איהם געגעסען, איז מען קלוג געוואָרען און מען האָט געוואוסט, וואָס גוט איז און וואָס שלעכט.

האָט גאָט געזאָגט אָדָמ׳ען מיט חַוָה׳ן: פון אַלע בויי־מער אין גאָרטען מעגט איהר עסען; נאָר פונ׳ם עֵץ־הַדַעַת זאָלט איהר ניט עסען.

און אָדָם מיט חַוָה׳ן זײַנען אַרומגעגאַנגען אין גַן־עֵדן הוילע און זײַ האָבען זיך ניט געשעמט.

II.

און אין גַן־עֵדן איז צווישען אַנדערע חַיוֹת אויך געווען די שלאַנג. איז זי געווען זֶעהר קלוג און פאַלש. האָט זי אײַנגערעדט חַוָה׳ן צו עסען פון די פרוכט פונ׳ם עֵץ־הַדַעַת. האָט חַוָה געגעסען און האָט אויך אָדָמ׳ען געגעבען, און ער האָט געגעסען.

זײַנען זײַ גלײַך קלוג געוואָרען און זײַ האָבען פערשטאַנען, אַז זײַ זײַנען נאַקעט. האָבען זײַ צונויפגענײַהט בלעטער און געמאַכט זיך גאַרטלען.

נאָר באַלד האָט אָדָם דערהערט גאָטס שטימע:

— אָדָם, אָדָם! וואָס האָסטו דאָס געטון? דערפאַר וואָס דו האָסט מיך נישט געפאָלגט און געגעסען פון דעם עֵץ־הַדַעַת, זאָלסטו שווער דאַרפען אַרבײַטען און מיט׳ן שווײַס פון געזיכט ברויט עסען.

און די שלאַנג האָט גאָט פערשאָלטען און געזאָגט:

— זאָלסט דײַנע פיס פערלירען, אויפ׳ן בויך אומקריכען און שטויב עסען דײַן גאַנץ לעבען.

און פון דאַמאָלסט אָן האָט דער מענש פײַנט די שלאַנג און די שלאַנג דעם מענשען.

און אָדָמ׳ען מיט חַוָה׳ן האָט גאָט אַרויסגעטריבען פון גַן־עֵדן. און בײַם טויער האָט ער אַוועקגעשטעלט צווײַ מַלְאָכִים מיט שווערדען אין די הענט, כְּדֵי זײַ צוריק ניט אַרײַנלאָזען.

## דער ערשטער זון־אונטערגאַנג.

ווען אָדָם האָט דערזעהן דאָס ערשטע מאָל, ווי די זון געהט אונטער, איז אויף איהם אַ שרעק אָנגעפאַלען.

— וועה איז מיר — האָט ער געזאָגט — ס'ווערט פינסטער, די וועלט געהט אונטער. אָט דאָס קומט אויף מיר דער טויט — אַ שטראָף פאַר מיין זינד.

אַז עס האָט ווידער אָנגעהויבען שיינען אויף טאָג, האָט אָדָם זיך בערוהיגט און געזאָגט: „אַזוי, ווייזט אויס, פיהרט זיך די וועלט: טאָג מיט נאַכט בייטען זיך״.

---

## די קורצע טעג.

ווען אָדָם הָרִאשׁוֹן האָט בעמערקט, אַז די טעג ווערען וואָס וויַיטער אַלץ קירצער, איז אויף איהם ווידער, ווי ביי דעם ערשטען זון־אונטערגאַנג, אַ טויט־שרעק אָנגעפאַלען.

— וועה איז מיר! — האָט ער אויסגעשריען — עס רוקט זיך אָן אויף דער וועלט אַ פינסטערניש. די וועלט האַלט אין אונטערגעהן! אָט דאָס איז דער טויט, וואָס איז אויף מיר בעשטימט געוואָרען פאַר מיין זינד.

אַכט טעג דורכאַנאַנד האָט ער פערבראַכט אין פאַסטען און גאָט בעטען.

נאָך תְּקוּפַת טֵבֵת *) האָט אָדָם אָבער בעמערקט ווי די טעג ווערען צוריק וואָס וויַיטער אַלץ לענגער.

---

*) תְּקוּפַת טֵבֵת — דער קירצעסטער טאָג אין יאָהר.

— עס זעהט אויס — האָט ער געזאָגט — אַז די וועלט פיהרט זיך אַזוי: לאַנגע טעג מיט קורצע בייַטען זיך.
און פאַר פרייד האָט ער געמאַכט אַכט טעג יום־טוב.

---

# קַיִן און הֶבֶל.

I.

חַוָה האָט געבאָרען צוויי זיהן: קַיִן און הֶבֶל. האָט קַיִן געאַרבייַט די ערד און הֶבֶל האָט געפיטערט שאָף.

איינמאָל האָט הֶבֶל געבראַכט פאַר גאָט אַ מַתָּנָה פון זייַנע פעטסטע שאָף. און קַיִן האָט אויך געבראַכט אַ מַתָּנָה פון די פרוכטען פון דער ערד. האָט גאָט הֶבֶל׳ס מַתָּנָה צוגענומען און קַיִנ׳ס — ניט.

האָט דאָס קַיִנ׳ען שטאַרק פערדראָסען. און איינמאָל, ווען ביידע ברידער זייַנען געווען אין פעלד, איז קַיִן אויפגעשטאַנען און דער׳הַרג׳עט הֶבֶל׳ן.

איז גאָטס שטימע געקומען און געפרעגט קַיִנ׳ען: „קַיִן, וואו איז דייַן ברודער?”

ענטפערט קַיִן: „איך ווייס נישט, בין איך דען מייַן ברודערס שׁוֹמֵר?”

האָט גאָט געזאָגט: „דייַן ברודערס בלוט שרייַט דאָך צו מיר פון דער ערד. די ערד וואָס האָט איינגעזויגט דייַן ברודערס בלוט זאָל דערפאַר זייַן פערשאָלטען: ווען דו וועסט זי בעאַרבייַטען, זאָל זי דיר אַרויסברייַנגען ניט תְּבוּאָה, נאָר

דערנער. און דו זאָלסט זײַן פערוואָגעלט; אַרומוואַנדלען זאָלסטו אויף דער ערד און אין ערגעץ קײַן רוה ניט געפינען".




און כּדי יעדערער, וואָס וועט קַיִנ'ען טרעפען, זאָל איהם נישט טויטען, האָט גאָט איהם געמאַכט אַזאַ צײכען אויפ'ן שטערן.

II.

אַז אָדָם מיט חַוָה'ן האָבען געפונען הֶבֶל'ס טויטען קערפּער, האָבען זײ איהם בעווײנט און בעקלאָגט. נאָר זײ האָבען ניט געוואוסט וואָס צו טון מיט דעם טויטען קערפּער.

פּלוצלונג דערזעהען זײ — עס קומט צופליהען אַ ראָב און

האַלט אין שנאָבעל נאָך אַ ראָב, אַ טויטען. דער לעבעדי־
גער ראָב לאָזט זיך אַראָפּ אויף דער ערד, גראָבט אויס אַ
גריבעל, בעהאַלט דאָרט זיין טויטען חבֵר און פערשיט איהם
מיט ערד.

האָבען אָדָם און חַוָה פערשטאַנען, אַז די טויטע גע־
הערען צו דער ערד. האָבען זיי אויסגעגראָבען אַ קֶבֶר און
מְקַבֵּר געווען אין איהם הֶבֶל׳ן.

## דער מַבּוּל.

עס זיינען אויף דער וועלט שוין פיעל מענשען געווען.
זיינען זיי אָבער זעהר שלעכט געווען. נאָר איינער איז פון
זיי געווען אַ בעסערער — דאָס איז געווען נֹחַ.

האָט גאָט געזאָגט נֹחַ׳ן: „די מענשען זיינען שלעכט,
איך וועל זיי אַלעמען פערדאַרבען. איך וועל ברייגנען אַ מַבּוּל
וואַסער אויף דער ערד. נאָר דיך מיט דיין הויזגעזינד וועל
איך לאָזען לעבען, ווייל דו ביסט אַ בעסערער פון אַלעמען.
מאַך אויף אַ גרויסע קאַסטען, דריי שטאָק די הויך, נעהם אַהין
אַריין דיין הויזגעזינד און פון אַלע חַיּוֹת און עוֹפוֹת צו פּאָר;
און עסענוואַרג אַלערליי — פאַר זיך און פאַר זיי. און אַז עס
וועט קומען דער מַבּוּל, וועסטו אומשווימען אויפ׳ן וואַסער".

האָט נֹחַ געפאָלגט, און געמאַכט אַזאַ קאַסטען, און אויס־
געשמירט זי מיט פעך, דאָס וואַסער זאָל ניט אַריינרינען אין
איהר. און ער האָט אַריינגענומען אַהין זיין הויזגעזינד: זיין

ווײַב און זײַנע דרײַ זיהן — שֵׁם, חָם און יֶפֶת מיט זײַערע ווײַבער; און פון אַלע חַיוֹת און פויגעל האָט ער אַרײַנגענו־מען צו פּאָר. און ער האָט די קאַסטען פערשלאָסען.

דאַמאָלסט האָט גאָט אויפגעעפענט די פענסטער פון הי־מעל, און עס האָט אַ גאָס געטון אַ שלאַקס רעגען. און עס האָט גענאָסען פערציג טעג און פערציג נעכט, ביז דאָס וואַ־סער האָט פערפלייצט די ערד און צוגעדעקט אַלע הויכע בערג. און אַלע לעבעדיגע בעשעפעניששן — די מענשען, די חַיוֹת און די פויגעל זײַנען דערטרונקען געוואָרען. און נֹחַ׳ס קאַס־טען איז אומגעשוואומען אויף די וואַסערן.

דערנאָך האָט זיך גאָט דערמאָנט אָן נֹחַ׳ן. האָט ער פער־שטאָפּט די קוואַלען פון אָפּגרונד און די פענסטער פון הי־מעל. און דער רעגען האָט אויפגעהערט. און דאָס וואַסער איז אַלץ קלענער געוואָרען, ביז די קאַסטען האָט זיך אָפּ־געשטעלט אויף די בערג אֲרָרָט.

האָט נֹחַ אויפגעעפענט אַ פענסטער פון דער קאַסטען און אַרויסגעשיקט דעם ראָב — זעהן, וואו האַלט דאָס מיטן וואַ־סער. איז דער ראָב באַלד צוריקגעקומען.

אין זיבען טעג אַרום האָט נֹחַ אַרויסגעשיקט די טויב. איז זי געקומען אין אָוונט צוריק מיט אַן אײלבערט־בלאַט אין מויל. האָט נֹחַ פערשטאַנען, אַז דאָס וואַסער איז קלענער געוואָרען. אין זיבען טעג אַרום האָט ער די טויב ווידער אַרויס־געשיקט, איז זי שוין מעהר ניט צוריקגעקומען.

דאַמאָלסט האָט נֹחַ געעפענט די קאַסטען און דערזעהן, אַז אַרום איז שוין טרוקען. איז ער אַרויס פון קאַסטען מיט

זײַן הויזגעזינד און אַרויסגעלאָזען אויף אַלע חַיוֹת און פויגעל
זײ זאָלען זיך מעהרען און בעלעבען די ערד.

און נֹחַ האָט געדאַנקט גאָט, וואָס ער האָט איהם פונ׳ם
מַבּוּל מַצִּיל געווען. און גאָט האָט געשוואָרען—מעהר שוין
קײַן פערפלײַצונג ניט צו ברײַנגען אויף דער וועלט. און אַלס
צײַכען, אַז עס וועט מעהר קײַן מַבּוּל ניט זײַן, האָט גאָט
געלאָזט בעווײַזען זיך אין וואָלקען דעם רעגענבויגען.

---

## אַבְרָהָמ׳ס געבורט.

---

אַז אַבְרָהָם אָבִינוּ איז געבאָרען געוואָרען, האָבען די
שטערנזעהער דערזעהען, ווי אַ ליכטיגער שטערען געהט אויף
אין מִזְרַח זײַט און שלינגט אײַן אַלע שטערען. זײַנען זײ
געקומען צו נִמְרוֹד׳ן, וועלכער איז דאַמאָלסט אַ קֵיסָר גע־
ווען, און האָבען איהם געזאָגט:

— הײַנט איז בײַם אַלטען תֶּרַח׳ן געבאָרען געוואָרען אַ
זוהן, וואָס וועט אַלע אונזערע געטער צוברעכען.

אויף מאָרגען שיקט נִמְרוֹד צוּ תֶּרַח׳ן: נעכטען בײַ־
נאַכט איז בײַ דיר אַ זוהן געבאָרען געוואָרען; גיב מיר איהם
אַרויס, איך וועל איהם טויטען. דערפאַר וועל איך דיר אַ
פולע שטוב מיט גאָלד און זילבער אָנשיטען.

ענטפערט תֶּרַח צו די שְׁלוּחִים אַזוי: — נעכטען האָט
אײנער צו מײַן פערד געזאָגט: „לאָז זיך דעם קאָפּ אָפּשנײַ־
דען, בעקומסטו דערפאַר צעהן מעסטלעך גערשטען״.

„אַן אײַנפאַל אַביסעלע!—האָט איהם אויף דעם געענטפערט דאָס פערד, — אָהן אַ קאָפּ, נאַר אײַנער, צו וואָס טויג מיר אינגאַנצען די גערשטען?"

— אָהן אַ יוֹרֵשׁ—צו וואָס טויג דעם אלטען תֶּרַח׳ן דאָס גאַנצע גאָלד און זילבער!?

נעהמט תֶּרַח און בעהאַלט דאָס קינד אין אַ הײַל.

און אַז אַבְרָהָם איז אַלט געוואָרען דרײַ יאָהר, איז ער אַרויס פון דער הײַל, אין וועלכער זײַן פאָטער תֶּרַח האָט איהם פערבאָרגען.

ווי ער האָט צום ערשטען מאָל דערזעהן די זון, האָט ער געטראַכט בײַ זיך: „אַ פָּנִים, דאָס איז דער גאָט, וואָס האָט בעשאַפען הימעל און ערד און מיך".

האָט ער אַ גאַנצען טאָג תְּפִלָּה געטון צו דער זון. אין אָוועגט זעהט ער, ווי די זון געהט אונטער. זאָגט ער צו זיך: „דאָס איז ניט קײַן גאָט". בײַנאַכט זעהט ער די לְבָנָה מיט די שטערען און טראַכט: „אֶפְשָׁר איז די לְבָנָה דער אויבערהאַר פון גאָר דער וועלט און די שטערען זײַנען איהרע דיענער?" האָט ער אַ גאַנצע נאַכט געבעטען צו דער לְבָנָה.

אויף מאָרגען זעהט ער ווי די לְבָנָה מיט די שטערען זײַנען אויך פערגאַנגען. הויבט ער אויף די הענט צום הימעל און זאָגט: „נײַן, ניט די זײַנען די בעשעפער פון דער וועלט. אײַן גאָט איז דאָ אין הימעל, אַן אויבערהאַר איבער זײ אַלע. איהם וועל איך בעטען און איהם וועל איך דיענען".

---

# תֶּרַח׳ס געטער.

דער אַלטער תֶּרַח פלעגט מאַכען געטער און האַנדלען מיט זיי; און אַבְרָהָמ׳ען האָט ער געמאַכט פאר א גַלַח צו די געטער.

— וואָס האָט אַ גַלַח צו טון? — פרעגט אַבְרָהָם.

— אַ גַלַח דאַרף דערלאַנגען די געטער עסען און טרינ־קען און זיי בעדיענען — ענטפערט איהם תֶּרַח.

און אַבְרָהָם איז געוואָרען אַ גַלַח.

קומט אַ פרוי און ברייַנגט אַ ביסעל זעמעלמעהל, אַ קָרְבָּן פאַר די געטער.

נעהמט אַבְרָהָם צו דעם קָרְבָּן און שטעלט איהם אַוועק אין מיטען קאַמער. דערנאָך נעהמט ער אַ גרויסען שטעקען, צו־ברעכט מיט איהם אַלע געטער און לאָזט נאָר איבער איי־נעם, דעם גרעסטען, און שטעלט איהם אַריין דעם שטעקען אין האַנט.

ווען דער אַלטער תֶּרַח איז געקומען און דערזעהען דעם חוּרְבָּן, צושרייַט ער זיך אויף אַבְרָהָמ׳ען און פרעגט איהם מיט צאָרן:

— וואָס איז דאָ געשעהען? ווער האָט דאָס צובראָכען אַלע מייַנע געטער?

ענטפערט איהם אַבְרָהָם קאַלטבלוטיג:

— טאַטע! איך וועל דיר ניט לייַקענען. אַ פרוי האָט געבראַכט אַ שיסעל זעמעלמעהל, און איך האָב זיך געפוילט צוטראָגען יעדען גאָט בעזונדער. שטעל איך דעם קָרְבָּן אַוועק

אין מיטען צימער און זאָג צו די געטער: „נעהמט אייך און עסט, און זאָל אייך וואויל בעקומען". האָבען זיי זיך אָנגעהויבען צו קריגען. דער זאָגט: „איך וועל עסען פריהער", און דער זאָגט: „איך וועל פריהער". איז אָט דער גרויסער אַריין אין רְצִיחָה, געכאַפּט אַ שטעקען און זיי אַלעמען צובראָכען.

צובייזערט זיך תֶּרַח נאָך שטאַרקער:

— וואָס לייגסטו, שייגעץ איינער! פון וועמען מאַכסטו דאָס חוֹזֶק? זיינען זיי דען דאָס בֹּחַ?

— וואָס, ניין? — ענטפערט אַבְרָהָם — טאָ הער זשע, טאַטע, אַליין, וואָס דו רעדסט. ווי באַלד זיי קאָנען גאָר נישט טון, היינט וואָס פאַר אַ געטער זיינען זיי?

---

# אַבְרָהָם אין כְּנַעַן.

---

איינמאָל האָט אַבְרָהָם גענומען זיין ווייב שָׂרָה און זיין ברודערס זוהן לוֹט און זיין גאַנצען פערמעגען און איז אָוועקגעגאַנגען אין דאָס לאַנד כְּנַעַן. אַבְרָהָם האָט געהאַט פיעל שאָף און רינדער און לוֹט האָט אויך פיעל געהאַט. פלעגען אַבְרָהָמ'ס פאַסטוכער מיט לוֹט'ס פאַסטוכער זיך אָפט קריגען פאַר פיטערפלעצער. האָט אַבְרָהָם געזאָגט צו לוֹט'ן:

— לאָמיר זיך ניט קריגען; מיר זיינען דאָך אייגענע ברי־דער, דאָס גאַנצע לאַנד איז פאַר דיר, קלייב אויס, ווילסטו־

גײה לינקס, װעל איך גײן רעכטס. און װילסטו—גײ רעכטס, װעל איך גײן לינקס.

איז לוט אַװעקגעגאַנגען אין טאָל פון יַרדן, װעלכער איז דאַמאָלסט געװען זײער פרוכטבאַר, און זיך בעזעצט אין דער שטאָדט סדום. און אַברָהָם האָט זיך בעזעצט אין חֶברון.

אַברָהָם איז געװען זײער רײַך, נאָר זײַן װײַב שָׂרָה האָט איהם קײַן קינדער ניט געבאָרען. אײַנמאָל, אין אַ הײַ־סען טאָג, איז אַברָהָם געזעסען בײַ דער טיר פון זײַן געצעלט. דערזעהט ער — דרײַ מענשען שטײען פון װײַטען. און אַברָהָם איז געװען אַ גרױסער מַכנִיס־אורֵחַ. איז ער געלאָפען אַנטקעגען זײ און פערבעטען זײ צו זיך און גע־מאַכט פאַר זײ אַ מאָלצײַט.

פרעגט אײַנער פון די געסט בײַ אַברָהָמ׳ען:

— װאו איז דײַן װײַב שָׂרָה?

ענטפערט אַברָהָם:

— זי איז אין געצעלט.

זאָגט דער גאַסט.

— אין אַ יאָהר אַרום װעל איך נאָך אַמאָל זײַן בײַ דיר׳ װעט דיר צו יענער צײַט דײַן װײַב שָׂרָה אַ זוהן געבאָרען

און שָׂרָה האָט אונטערגעהערט אונטער׳ן טיר, װאָס דער גאַסט האָט געזאָגט, און זי האָט געלאַכט. זי האָט גע־טראַכט: איך בין אַלט נײַנציג יאָהר, און אַברָהָם — שױן באַלד הונדערט. קאָן איך נאָך געבאָרען קינדער?

גאָר אין אַ יאָהר אַרום האָט שָׂרָה טאַקע געבאָרען אַ זוהן, און מען האָט איהם אַ נאָמען געגעבען יִצְחָק.

---

# סדום.

---

די מענשען פון סדום זיינען פאַר גרוים וואוילטאָג געווען שלעכטע און זינדיגע. קיינמאָל האָבען זיי ניט געוואוסט פון מיה און פון זאָרג. דאָס לאַנד זייערס איז געבענשט געווען מיט אַלעם גוטען: רייכע תבואות אויף די פעלדער, גאָלד און זילבער בשפע*), דימענטען און בריליאַנטען אָהן אַ צאָהל.— האָבען זיי פערגעסען אָן רעכט און יוֹשֶׁר און האָבען פערביטען די גערעכטע געזעצען אויף שלעכטע און ווילדע.

אַז איינער האָט, למשל, אָפּגעהאַקט אַן אויער ביי אַ פרעמדען אייזעל, האָט מען איהם דעם גאַנצען אייזעל אַוועקגעגעבען, ביז דער אויער וועט ווידער אָפּוואַקסען.

ווען איינער פלעגט קומען אין געריכט און בעקלאָגען זיך אויפ'ן צווייטען, אַז יענער האָט איהם צובלוטיגט, האָט מען איהם געזאָגט: „צו רפואה! יענער האָט דיר געלאָזען בלוט, בעצאָהל איהם דערפאַר פיער גילדען!“

דער וואָס האָט פערמאָגט אַן אָקס, האָט געדאַרפט פיטערן די רינדער פון גאַנץ שטאָדט איין טאָג, און דער וואָס האָט קיין אייגענעם אָקס גאָר ניט געהאַט, האָט געדאַרפט פיטערן צוויי טעג.

---

*) זעהר פיעל.

אַ בריק איז דאָרטען געווען.

דער וואָס איז אַריבערגעגאַנגען די בריק, האָט געדאַרפט בעצאָהלען פיער גילדען בריק־געלד; און דער וואָס האָט אויס־געמיַידט די בריק און אַריבער דעם טיַיך אין וואַסער, האָט געמוזט בעצאָהלען אַכט גילדען.

---

## אֱלִיעֶזֶר אין סדום.

אֱלִיעֶזֶר, אַבְרָהָם׳ס קנעכט, איז אַמאָל געקומען קיַין סדום. האָט מען איהם געשלאָגען און אַוועקגעפיהרט צום ריכטער. זאָגט דער ריכטער:

– בעצאָהל פאַר בלוט לאָזען.

נעהמט אֱלִיעֶזֶר אַ שטיַין און צובלוטיגט מיט איהם דעם ריכטער און זאָגט:

– די פיער גילדען, וואָס קומען מיר איצט פון דיר, בעצאָהל איהם פאַר מיר: און מיַינע פאָר גראָשען בליַיבען ביַי מיר אין ביַיטעל.

נאָך אַ מִנְהָג איז ביַי זיי געווען: ווער עס האָט פערבעטען אַ פרעמדען גאַסט צום טיש, האָט מען ביַי איהם צוגענומען דעם מאַנטעל, כְּדֵי יעדערער זאָל מוֹרֶא האָבען און ניט איַינלאַדען קיַין פרעמדע געסט.

איַינמאָל קומט אֱלִיעֶזֶר אַריַין צו זיי אין גאַסטהויז. טרעפט ער די סדום־ליַיט זיצען ביַים מאָלציַיט, און קיַינער בעט איהם ניט עסען. זעצט ער זיך אַליַין ביַים עק טיש און זאָגט צו זיַין שָׁכֵן:

— אַז מען וועט מיך פרעגן, וועל איך זאָגן, אַז דו האָסט מיך איינגעלאַדען.

ווי יענער האָט דאָס דערהערט האָט ער זיך דערשראָ־קען, מען זאָל ביי איהם דערפאַר דעם מאַנטעל ניט צו־נעהמען. שטעהט ער אויף פון טיש, כאַפּט דעם מאַנטעל און אַנטלויפט. אַזוי האָט אֶלִיעֶזֶר אָפּגעטון אויך דעם צווייטען און דעם דריטען און אַזוי ווייטער, ביז זיי זיינען זיך אַלע צולאָפען און די גאַנצע סְעוּדָה איז געבליבען פאַר איהם איינעם.

אַ בעטעל איז געוועזען אין סדום פון געסט וועגן. איז דער גאַסט געוועזען צו לאַנג, האָט מען איהם אונטערגעהאַקט די פיס, איז ער געוועזען צו קורץ, האָט מען איהם אויסגע־צויגען.

איינמאָל קומט אַהין אֶלִיעֶזֶר, און מען ווייזט איהם אָן דאָס סדום־בעטעל, ער זאָל זיך דאָרטען לעגען שלאָפען. ענטפערט ער: זינט מיין מוטער איז געשטאָרבען, האָב איך אַ נֶדֶר געטון איך זאָל קיינמאָל אויף אַ בעט ניט שלאָפען.

און פאַר אַזוינע מַעֲשִׂים פון די סדום־לייט איז גאָט אויף זיי אין כַּעַס געוואָרען, און ער האָט איבערגעקעהרט סדום. און עס איז פון איהר און פון איהרע איינוואוינער קיין זֵכֶר ניט געבליבען.

# אֶלִיעֶזֶר און רִבְקָה.

אויף דער עלטער האָט אַבְרָהָם גערופען זײַן הויז־דיע־נער אֶלִיעֶזֶר און האָט צו איהם אַזוי געזאָגט:

— שווער מיר, אַז דו וו'עסט נישט נעהמען אַ ווײַב פאַר מײַן זוהן פון די היגע כְּנַעֲנִ'ישע טעכטער, נאָר פון מײַן געבורט־לאַנד, פון אֲרַם־נַהֲרַיִם.

האָט איהם אֶלִיעֶזֶר דערויף צוגעשוואָרען.

האָט אֶלִיעֶזֶר מיטגענומען צעהן קעמלען און אַ סַך מַתָּנוֹת און איז געגאַנגען אין אֲרַם־נַהֲרַיִם, אין דער שטאָדט נָחוֹר. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט הינטער דער שטאָדט, נעבען דעם ברונעם, און האָט בײַ זיך אַזוי געטראַכט:

יענע מײַדעל, וואָס וועט אַרויסקומען צום ברונעם, און איך וועל איהר זאָגען: „גיב מיר אַ טרונק וואַסער”,—וועט זי מיר געבען טרינקען און אויך מײַנע קעמלען—יענע מײַדעל איז ווערט צו זײַן אַ ווײַב פאַר מײַן האַר יִצְחָק'ן.

ווי ער רעדט אַזוי צו זיך, קומט אַרויס צום ברונעם רִבְקָה, אַבְרָהָמ'ס ברודערס אַן אייניקעל, אַ שענע יונגע מײַ־דעל. מיט אַ קרוג אויפ'ן אַקסעל איז זי צוגעגאַנגען צום ברו־נעם — וואַסער שעפּען. זאָגט צו איהר אֶלִיעֶזֶר:

— מײַדעל, איך בין דורשטיג, גיב מיר אַ טרונק וואַסער פון דײַן קרוג.

זאָגט די מײַדעל: „טרינק געזונטערהייט”, און האָט איהם דערלאַנגט דעם קרוג. דערנאָך האָט זי נאָכאַמאָל אָנ־געשעפּט און געזאָגט צו אֶלִיעֶזֶר'ן:

— אֶפשֶׁר זײַנען דײַנע קעמלען אויך דורשטיג. װעל איך זײ אָנטרינקען.

נעהמט אֶלִיעֶזֶר אַרויס אַ האַלזבאַנד און שענקט איהר און פרעגט בײַ איהר:



— װעמעס טאָכטער ביסטו, מײַן קינד? אֶפשֶׁר איז בײַ דײַן טאַטען פאַרהאַן אַן אָרט אויף איבערצונעכטיגען פאַר אונז?

זאָגט זי: „איך בין בתוּאֵל׳ס טאָכטער, און בתוּאֵל איז אַ זוהן פון נָחוֹר, אַבְרָהָם׳ס ברודער. בײַ אונז אין דערהײם איז דאָ פיעל אָרט, און פוטער איז אויך דאָ פאַר די בְּהֵמוֹת. קום מיט מיר, װעסטו נעכטיגען בײַ אונז״.

איז אֶלִיעֶזֶר מיט איהר געגאַנגען צו איהרע עלטערן און זײַ דערצעהלט, צוליעב וואָס ער איז געקומען. און ער האָט געבעטען, מען זאָל איהם געבען רִבְקָה׳ן פאַר אַ כַּלָּה פאַר זײַן האַרס זוהן יִצְחָק׳ן.

האָט מען געפרעגט רִבְקָה׳ן, אויב זי וויל זײַן אַ כַּלָּה פאַר יִצְחָק׳ן; האָט זי געענטפערט: „יאָ".

האָט זיך רִבְקָה אָפּגעזעגענט מיט איהרע עלטערן און מיט איהרע חַבֶר׳טאָרינס; דערנאָך האָט אֶלִיעֶזֶר זי אַרויפגעזעצט אויף אַ קעמעל און אָפּגעפיהרט צו אַבְרָהָמ׳ען.

און יִצחָק האָט זי זעהר ליעב געקראָגען און מיט איהר חַתוּנָה געהאַט.

---

## יַעֲקֹב און עֵשָׂו.

רִבְקָה האָט לאַנג קײַן קינדער נישט געהאַט. דערנאָך האָט זי געבאָרען אַ צווילינג, צוויי זיהן. דער בְּכוֹר האָט געהײַסען עֵשָׂו; ער איז געווען אַ רויטער און אינגאַנצען בעוואַקסען מיט האָר. און דער אינגערער האָט געהײַסען יַעֲקֹב.

אַז די זיהן זײַנען אויפגעוואַקסען, האָט יַעֲקֹב געפּיטערט שאָף, און עֵשָׂו איז געגאַנגען אין פעלד אַרײַן חַיוֹת פאַנגען. יִצְחָק האָט ליעב בעקומען דעם בְּכוֹר–עֵשָׂו׳ן, און רִבְקָה–דעם גוטען יַעֲקֹב׳ן.

אַמאָל, ווען אַבְרָהָם איז געשטאָרבען, האָט יַעֲקֹב אָפּגעקאָכט אַ טרויער־מַאֲכָל–אַ טאָפּ רויטע קײַלעכדיגע

לינזען. און עֵשָׂו איז געקומען אַהיים אַ מידער פון אַ גאַנ־
צען טאָג אַרומלויפען איבער'ן פעלד נאָך די פּאַנג־חַיוֹת.
זאָגט ער צו יַעֲקֹב'ן:

— גיב מיר פון דעם דאָזיגען רויטען געקעכטס, וואָס דו
האָסט!

זאָגט צו איהם יַעֲקֹב: „פערקויף מיר די בְּכוֹרָה,
וועל איך דיר אָוועקגעבען דערפאַר דעם גאַנצען טאָפּ“.

זאָגט עֵשָׂו: „אויף וואָס דאַרף איך האָבען די בְּכוֹרָה,
נעהם דיר זי און גיב מיר די לינזען“.

האָט עֵשָׂו פערקויפט יַעֲקֹב'ן די בְּכוֹרָה פאַר אַ
טאָפּ לינזען.

---

## יִצְחָק'ס בְּרָכָה.

יִצְחָק האָט געהאַט פיעל שאָף און רינדער, און זײַנע
פּאַסטוכער האָבען נעפּיטערט די הערטען אויף די לאָנקעס
אַרום בְּאֵר־שֶׁבַע, אין דָרוֹם פון דעם לאַנד כְּנַעַן. און
יִצְחָק האָט אויך פערזייהט גרויסע פעלדער מיט גערשטען
און האָט פון זיי אַראָפּגענומען הונדערט מאָל אַזוי פיעל, וויי־
פיעל ער האָט פערזייהט.

אויף דער עלטער איז יִצְחָק בלינד געוואָרען. האָט ער
גערופען זיין עלטערען זוהן עֵשָׂו'ן און געזאָגט צו איהם:

— מיין זוהן, איך בין שוין אַלט; ווער ווייס, אֶפְשֶׁר וועל
איך שוין באַלד שטאַרבען. נעהם דיין פייל און בויגען, געה
אין פעלד אַרויס און פאַנג מיר אַ חַיָּה'לע און מאַך מיר אַ

געשמאַק געריכט. און אַז איך וועל עסען און עס וועט מיר שמעקען, וועל איך דיך בענשען, מײַן זוהן, פאַר מײַן טויט.

האָט דאָס רִבְקָה אונטערגעהערט הינטער דער טיר. און ווען עֵשָׂו איז אַוועקגעגאַנגען אין פעלד, האָט זי גערופען יַעֲקֹב׳ן און געזאָגט:

— איך האָב געהערט, מײַן זוהן, אַז דײַן פאָטער האָט געהייסען עֵשָׂו׳ן מאַכען איהם אַ שיין געריכט, און ער האָט צוגעזאָגט צו בענשען איהם דערפאַר. איצט גייה אין שטאַל אַרײַן, נעהם פון דאָרט אַ ציגעלע אַרוים, ברײַנג עס צו מיר, וועל איך פאַר׳ן טאַטען אַ געריכט צוגרײַטען, אַזוי ווי עס שמעקט איהם. און דו גייה אַרײַן צום טאַטען און דערלאַנג איהם דאָס געריכט. וועט ער עסען און דיך בענשען פאַר׳ן טויט.

זאָגט יַעֲקֹב: „עֵשָׂו איז דאָך אַ האָריגער. וועט דאָך מיך דער טאַטע דערקענען, און ער וועט מיך נאָך שילטען און ניט בענשען״.

זאָגט רִבְקָה: „וואָס אַרט דיך, פאָלג מיך״.

האָט רִבְקָה צוגעגרייט אַ געשמאַק געריכט און אָנגעטון יַעֲקֹב׳ן אויף די הענט און אויפ׳ן האַלז די ציגענע פעלכעליך, דער טאַטע זאָל איהם ניט דערקענען.

איז יַעֲקֹב אַרײַן מיט דעם געריכט צום פאָטער און האָט געזאָגט:

— זײַ אַזוי גוט, פאָטער! שטעה אויף און עס פון מײַן געריכט, וואָס איך האָב דיר געבראַכט, און בענש מיך.

פרעגט יִצְחָק: „ווער ביסטו?״

זאָגט יַעֲקֹב: „איך בין עֵשָׂו דײַן עלטערער זוהן".

זאָגט יִצְחָק: „קום נאָר אַהער צו מיר, מײַן קינד! לאָז מיך נאָר אָנטאַפּען דיך, זעהן, אויב מיט אַן אֶמֶת ביסטו עֵשָׂו".



איז יַעֲקֹב צוגעגאַנגען. האָט יִצְחָק איהם אָנגעטאַפּט די הענט און געזאָגט: „הענט האָסטו, ווי עֵשָׂו'ס, און דער קוֹל דײַנער איז, ווי יַעֲקֹב'ס. ברײַנג מיר, מײַן קינד, דאָס עסען".

האָט יַעֲקֹב דערלאַנגט איהם די שפּײַז, און עס האָט יִצְחָק'ן זעהר געשמעקט.

האָט יִצְחָק אַרויפגעלעגט זײַן האַנט אויף יַעֲקֹב׳ס קאָפּ און האָט איהם געבענשט:

גאָט זאָל דיר געבען טוי פון הימעל,
און די ערד זאָל דיר פעט זײַן,
זאָלסט האָבען פיעל תּבוּאָה און ווײַן.
פעלקער זאָלען דיך דיענען,
לענדער זאָלען דיר אונטערטעניג זײַן.
זאָלסט זײַן אַ האַר איבער דײַן ברודער,
און דײַן מוטערס קינדער זאָלען זיך צו דיר בוקען.
ווער ווען דו ווּעסט שעלטען, זאָל זײַן געשאָלטען,
און ווּעמען דו ווּעסט בענשען, זאָל זײַן געבענשט.

נאָך דער בּרָכָה איז יַעֲקֹב אַרויסגעגאַנגען; און ווי נאָר יַעֲקֹב איז אַרוים, איז עֵשָׂו אַרײַנגעקומען און געזאָגט:
— שטעה אויף, טאַטע, עס און בענש מיך!
האָט יִצְחָק דערשראָקען געפרעגט: „ווער ביסטו?"
האָט עֵשָׂו געזאָגט: „איך בין עֵשָׂו דײַן בּכוֹר".
זאָגט יִצְחָק: „אָבער אָט ערשט איז דאָ אײַנער געווען און געבראַכט מיר עסען, און איך האָב איהם געבענשט און איהם אַלע בּרָכוֹת אַוועקגעגעבען. דאָס איז דײַן ברודער געווען, און אויסגענאַרט בײַ מיר דײַן בּרָכָה. נאָר זאָל ער זײַן געבענשט".

איז עֵשָׂו פול מיט צאָרן געוואָרען און האָט געשוואָרען צו פּטוּר ווערען פון יַעֲקֹב׳ן.

# יַעקֹב ביי לָבָנ׳ען.

ווען רִבקָה האָט דערהערט, אַז עֵשָׂו האָט געשוואָרען צו הַרגֶ׳ענען יַעקֹב׳ן, האָט זי אויסגעריכט יַעקֹב׳ן צו איהר ברודער לָבָן אין חָרָן.

האָט זיך יַעקֹב געלאָזט געהן אין וועג אַריין. אין עט־ליכע טעג אַרום איז ער אָנגעקומען צו אַ ברונעם אין מיטען פעלד. עס איז געווען אין מיטען טאָג. די זון האָט געברענט. ביים ברונעם האָט ער געטראָפען דריי שעפער מיט הערטען שאָף הויערן.

פרעגט זיי יַעקֹב: „פון וואַנען זייט איהר, ברידער?"

ענטפערן זיי: „פון חָרָן".

פרעגט ער זיי: „קענט איהר ניט איינעם ביי אייך לָבָן?"

ענטפערן זיי: „יאָ, מיר קענען איהם. זיין טאָכטער רָחֵל פיטערט זיינע שאָף. זי וועט אַוַדאַי אויך באַלד אָנקומען צום ברונעם".

אַזוי ווי זיי רעדען, קומט אָן אַ מיידעל מיט איהר הערט. זאָגען די שעפער: „אָט קומט אָן רָחֵל מיט לָבָנ׳ס שאָף".

ווי יַעקֹב האָט זי דערזעהן, האָט ער דעם שטיין פון ברונעם אַראָפגעקייקעלט און איהרע שעפסען אָנגעטרונקען. דערנאָך איז ער צוגעגאַנגען צו רָחֵל׳ען, געקושט זי און געזאָגט: „איך בין דיין שוועסטערקינד יַעקֹב, דיין מומע רִבקָה׳ס אַ זוהן".

איז רָחֵל אַהיים געלאָפען און דערצעהלט איהר פאָטער

לָבָן, אַז די מומע רִבְקָה׳ס זוהן, יַעֲקֹב, איז געקומען.

איז לָבָן איהם אַנטקעגען געלאָפען, צוקושט זיך מיט איהם און איהם צו זיך אַהיים געבראַכט.

זאָגט לָבָן צו יַעֲקֹב׳ן: „ביסט דאָך מיינער אַן אייגע־נער, וועסטו פערבלייבען ביי אונז אַ ביסעל צייט".

ענטפערט יַעֲקֹב: „דיין ברויט אומזיסט עסען וויל איך ניט. איך וויל ביי דיר אַרבייטען, איך וויל דיינע שאָף פּאַשען".

זאָגט צו איהם לָבָן: „און וואָס וועסטו פערלאַנגען דער־פאַר?"

און ביי לָבָנ׳ען זיינען געווען צוויי טעכטער: איינע, די אינגערע — רָחֵל, זעהר אַ שׂענע; און די צווייטע, די על־טערע — לֵאָה, מיט זעהר מִיאוּס׳ע אויגען.

זאָגט יַעֲקֹב: „דיין טאָכטער רָחֵל געפעלט מיר. איך וועל דיענען ביי דיר זיבען יאָהר און גיב מיר זי פאַר אַ ווייב".

זאָגט לָבָן: „גוט!"

האָט יַעֲקֹב אָפּגעדיענט ביי לָבָנ׳ען פאַר רָחֵל׳ען זי־בען יאָהר. נאָר ווען זיי האָבען געדאַרפט חֲתוּנָה האָבען, האָט לָבָן אויסגענאַרט יַעֲקֹב׳ן און איהם געגעבען לֵאָה׳ן אָנ־שטאָט רָחֵל׳ען.

האָט יַעֲקֹב געזאָגט צו לָבָנ׳ען: „פאַרוואָס האָסטו מיך אויסגענאַרט? איך האָב דאָך דיך פאַר דיין טאָכטער רָחֵל געדיענט זיבען יאָהר!"

ענטפערט לָבָן: „יאָ, אָבער ביי אונז פיהרט מען זיך ניט אַזוי. לֵאָה איז עלטער, דאַרף זי פריהער חֲתוּנָה האָ־

בען. אַז דו ווילסט רָחל׳ען אויך, מוסטו זיך אַוועקשטעלען דיענען נײַע זיבען יאָהר״.

האָט זיך יַעֲקֹב אַוועקגעשטעלט דיענען פאַר רָחל׳ען נײַע זיבען יאָהר.

---

# יַעֲקֹב אַנטלויפט פון לָבָנ׳ען.

לֵאָה האָט געבאָרען יַעֲקֹב׳ן זעקס זיהן: ראוּבֵן, שִׁמְעוֹן, לֵוִי, יהוּדָה, יִשָׂכָר און זבולון, און אײַן טאָכ־טער — דינָה. רָחל האָט געבאָרען אײַן זוהן — יוֹסֵף. און יַעֲקֹב האָט געהאַט נאָך צווײַ ווײַבער: בִּלְהָה און זִלְפָּה. האָבען זײַ איהם געבאָרען צו צווײַ זיהן: דָן און נַפְתָּלִי, גָד און אָשֵׁר.

ווען רָחל האָט געבאָרען יוֹסֵפ׳ן, האָט יַעֲקֹב געזאָגט צו לָבָנ׳ען: „לאָז מיך מיט מײַן פאַמיליע געהן אַהײַם צוריק צו מײַן פאָטער און מוטער״.

האָט לָבָן געזאָגט: „איך בעט דיך, בלײַב בײַ מיר. איך ווײַס, אַז צוליעב דיר בין איך אַזוי רײַך געוואָרען. רעד דיר אויס אַ פרײַז, וועלכען דו אַלײַן ווילסט, וועל איך דיר געבען״.

איז יַעֲקֹב פערבליבען בײַ לָבָנ׳ען נאָך זעקס יאָהר און געפיטערט זײַנע שאָף. און לָבָן האָט געדאַרפט צאָהלען יַעֲקֹב׳ן פאַר דער אַרבײַט מיט שעפסען. האָט אָבער לָבָן צעהן מאָל געביטען זײַן וואָרט און גענאַרט יַעֲקֹב׳ן.

איינמאָל האָט יַעֲקֹב דערהערט, ווי לָבָנ׳ס זיהן זאָגען בייז: „אַלץ וואָס יַעֲקֹב פערמאָגט איז דאָך פון אונזער פאָטערס״. האָט יַעֲקֹב גערופען אין פעלד צו זיך זיינע ווייבער און קינדער און געזאָגט צו זיי: „איהר ווייסט דאָך, ווי איך האָב שווער געהאָרעוועט אויף לָבָנ׳ען, און ער האָט מיך צעהן מאָל אָפּגענאַרט. און איצט זאָגען זיינע זיהן, אַז אַלץ, וואָס איך פערמאָג, איז זייערס. קומט דערפאַר און מיר וועלען זיך אומקעהרען צוריק אין דאָס לאַנד פון מיינע עלטערן, אין כְּנַעַן״.

האָבען געענטפערט רָחֵל און לֵאָה: „גוט״.

האָט יַעֲקֹב אַרויפגעזעצט זיינע קינדער און זיינע ווייבער אויף קעמלען, און ער האָט מיטגענומען זיינע גאַנצע האָב און גוטס און איז אַנטלאָפען פון לָבָנ׳ען.

אויפ׳ן דריטען טאָג האָט זיך לָבָן דערוואוסט, אַז יַעֲקֹב איז אַנטלאָפען. האָט לָבָן נאָכגעיאָגט יַעֲקֹב׳ן זיבען טעג און האָט איהם דעריאָגט ביים באַרג גִּלְעָד.

פרעגט לָבָן ביי יַעֲקֹב׳ן: „פאַרוואָס ביסטו אַנטלאָפען פון מיר און אַוועקגעפיהרט מיינע טעכטער, ווי קריגס-געפאַנגענע? פאַרוואָס האָסטו מיר ניט דערצעהלט, אַז דו ווילסט אַוועקגעהן פון מיר? איך וואָלט דיך דאָך בעגלייט מיט פרייד און מיט געזאַנג״.

האָט יַעֲקֹב געזאָגט: „איך האָב מוֹרָא געהאַט, טאָמער וועסטו ביי מיר אָפּנעהמען דיינע טעכטער״.

האָט לָבָן געזאָגט: „דיינע ווייבער זיינען דאָך מיינע טעכ-

טער, און דיינע קינדער — מיינע איינִיקלעך. וועל איך דען זיי טון שלעכטס? לאָמיר מאַכען אַ בונד צווישען אונז״.

זיינען זיי גוט געוואָרען. לָבָן האָט זיך צוריקגעקעהרט צו זיך אַהיים און יַעֲקֹב איז געגאַנגען ווייטער זיין וועג צום לאַנד כּנַעַן.

## יַעֲקֹב בּעגעגענט זיך מיט עֵשָׂו׳ן.

יַעֲקֹב האָט נאָך אַלץ מוֹרֶא געהאַט פאַר זיין בּרוּדער עֵשָׂו׳ן. האט ער גענומען שעפּסען און רינדער, און קעמלען און אֵייזלען און האָט געשיקט עֵשָׂו׳ן אַ מַתָּנָה. און אַלע זיינע מענשען און זיינע ווייבער און קינדער האָט ער צוטיילט אויף צוויי מַחנוֹת. ער האָט געקלערט: ווען עֵשָׂו קומען און צושלאָגען אֵיין מַחֲנֶה, וועט די צווייטע מַחֲנֶה קאָנען אַנטלויפען.

ביינאַכט איז יַעֲקֹב אַריבערגעגאַנגען דאָס טייכעל יַבּוֹק. און ווען ער האָט אַ קוק געטון, האָט ער דערזעהען פון דערווייטען — זיין ברודער עֵשָׂו קומט אָן און מיט איהם פיער הונדערט מאַן. איז יַעֲקֹב פאָרויסגעגאַנגען פאַר זיינע ווייבער און קינדער און האָט זיך געניייגט פאַר עֵשָׂו׳ן.

און עֵשָׂו איז געלאָפען אַנטקעגען יַעֲקֹב׳ן, געפאַלען איהם אויפ׳ן האַלז, און זיי האָבען זיך צוקושט.

פרעגט עֵשָׂו: „ועמעס זיינען די ווייבער און די קינדער?״

זאָגט יַעֲקֹב: „דָאס זיינען מיינע״.

זײַנען צוגעגאַנגען די װײַבער און די קינדער און האָבען זיך גענײַיגט פֿאַר עֵשָׂו׳ן.

פֿרעגט װײַטער עֵשָׂו: „און װעמעס איז די גאַנצע מַחֲנֶה שאָף און רינדער, אײַזלען און קעמלען, װאָס איך האָב בעגעגענט?“

זאָגט יַעֲקֹב: „דאָס האָב איך געשיקט אַ מַתָּנָה פֿאַר דיר, מײַן ברודער עֵשָׂו!“

איז עֵשָׂו גוט געװאָרען מיט יַעֲקֹב׳ן. עֵשָׂו האָט זיך צוריקגעקעהרט אין דאָס לאַנד שֵׂעִיר, װאו ער האָט געװאוינט. און יַעֲקֹב איז געגאַנגען װײַטער אין לאַנד כְּנַעַן.

אויפ׳ן װעג האָט רָחֵל געבאָרען נאָך אַ זוהן, און יַעֲקֹב האָט איהם אַ נאָמען געגעבען בִּנְיָמִין. איז אָבער רָחֵל דערבײַ געשטאָרבען. האָט יַעֲקֹב זי מְקַבֵּר געװען אויפ׳ן װעג, װי מען געהט אין דער שטאָדט בֵּית־לֶחֶם, און ער האָט אַרויפגעשטעלט אַ מַצֵּבָה אויף איהר קֶבֶר. און נאָך ביז הײַנטיגען טאָג װײַזט מען אָן דעם קֶבֶר פֿון דער מוטער רָחֵל און די מַצֵּבָה, װאָס יַעֲקֹב אָבִינוּ האָט אויף איהר קֶבֶר געשטעלט.

# גראַמאַטיק.

## 1

### חושים.

§ 1 מיט די אויגען זעהען מיר; מיט די אויערן הערען מיר; מיט די פינגער טאַפּען מיר אָן; מיט'ן צונג און גומען פיהלען מיר אַ טַעַם; מיט'ן נאָז פיהלען מיר אַ רֵיחַ.

מיר האָבען אויף אַזאַ אופן פינף אויסערליכע געפיהלען: 1) דאָס געפיהל פון זעהען; 2) דאָס געפיהל פון הערען; 3) דאָס געפיהל פון אָנטאַפּען; 4) דאָס געפיהל פון טַעַם און 5) דאָס געפיהל פון רֵיחַ. די געפיהלען הייסען אַנדערש — חוּשים; מען זאָגט: 1) דער חוּש פון זעהען; 2) דער חוּש פון הערען א. אַז. וו.

אַ טיש קאָנען מיר זעהען און אָנטאַפּען. די זון קאָנען מיר נאָר זעהען. אַ ליעד קאָנען מיר הערען. אַ שטיקעל צוקער קאָנען מיר זעהען, אָנטאַפּען און פיהלען פון איהם אַ טַעַם. פערפום קאָנען מיר זעהען און פיהלען דערפון אַ רֵיחַ.

איבונג 1:

ווייזט אָן, ווי קאָנט איהר פערשטעהן אָדער מיט וועלכע חוּשים בעגרייפען:

אַ הויז, אַ מענש, אַ שטערן, אַן עפּעל, אַ ניגון,

אַ בלום, אַן אַפּעלסין, אַ רעגען, אַ מעסער, טינט, יויך, קאַסטאָר־איִיל, פעפער, אַ דונער, אַ פליג, אַ טומעל. עסיג, שאָקאָלאַד, טיִי, אַ רעדע.

איבונג 2:

ווייַזט אָן פינף זאַכען, וועלכע איהר קאָנט זעהען; פינף זאַכען, וועלכע איהר קאָנט הערען; פינף זאַכען, ח'עלכע איהר קאָנט אָנטאַפּען; פינף זאַכען, פון וועלכע איהר קאָנט פיהלען אַ טַעַם; פינף זאַכען, פון וועלכע איהר קאָנט פיהלען אַ רֵיחַ.

## געגענשטאַנד.

§ 2 אַלץ, וואָס מיר קאָנען זעהען, הערען אָדער אָנטאַפּען, אָדער פון וואָס מיר קאָנען פיהלען אַ טַעַם אָדער אַ רֵיחַ — הייסט געגענשטאַנד.

אַ טיש, די זון, אַ פויגעל, אַ ליעד, אַ בלום זיַינען געגענשטאַנדען.

רופט אָן נאָך געגענשטאַנדען.

## 2

## הויפּטווערטער.

§ 3 אַ וואָרט, וואָס איז אַ נאָמען פון אַ געגענשטאַנד, הייסט הויפּטוואָרט. אַזוי זיַינען הויפּטווערטער: דער טיש, די וואַנט, דאָס פענסטער.

# געשלעכט.

§ 4 צו איי̆ניגע הויפּטווערטער קאָן מען צוגעבען דאָס וואָרט "דער", למשל: דער פֿאָטער, דער ברודער, דער אָקס, דער פינגער. אַזוינע הויפּטווערטער הײַסען מ ע נ ל י כ ע, אָדער פון מ ע נ ל י כ ע ן ג ע ש ל ע כ ט.

צו אַנדערע הויפּטווערטער קאָן מען צוגעבען דאָס וואָרט „די", למשל: די מוטער, די שוועסטער, די קוה, די האַנט, די שטאָדט. אַזוינע הויפּטווערטער הײַסען ו ו ײַ ב ל י כ ע, אָדער פון ו ו ײַ ב ל י כ ע ן ג ע ש ל ע כ ט.

צו אַנדערע הויפּטווערטער ווידער קאָן מען צוגעבען דאָס וואָרט „דאָס", למשל: דאָס קינד, דאָס וואָרט, דאָס פענסטער.

אַזוינע הויפּטווערטער הײַסען ז אַ כ ל י כ ע אָדער פון זאַכליכען געשלעכט.

איבונג 3:

פון די פֿאָלגענדע ווערטער שטרײַכט אונטער די מענלי־כע—מיט איין פּאַסיקעל, די ווײַבליכע—מיט צוויי און די זאַכ־ליכע — מיט דריי:

דער אַלמער, דער פעטער, דאָס הויז, די שוועסטער, די שיסעל, דער זיידע, דער האָהן, די הוהן, דאָס בוך, דאָס פּאַפּיער, דער מינטער, דער הונט, די ציג, דאָס קינד, דער קאָפּ, די האַנט, דער אַרבעל, דער שוך.

איבונג 4:

צו יעדען פון די פֿאָלגענדע הויפּטווערטער שטעלט צו דאָס פּאַסענדע וואָרט: „ד ע ר", „ד י" אָדער „ד אָ ס":

פֿאָטער, קאַץ, מוטער, בעט, מויל, גרודער, אייזעל, טיש,

וואָגען, שטוב, שפּיגעל, הונט, האָהן, הוהן, מענש, פרוי, שטול, ווייב, פעדער, טיר, שוועסטער, שול, וואַנט, פוס, האַנט, טייך, זון, האַמער, פענסטער, זוהן.

## איינצאָהל און מעהרצאָהל.

§ 5 מען זאָגט: איין טיש, אָבער: צוויי טישען, אַ סך טישען. איין בוך, אָבער: צוויי ביכער, אַ סך ביכער.

ווען מען רעדט וועגען איין געגענשטאַנד, הייסט דאָס איינצאָהל, ווען מען רעדט וועגען צוויי אָדער מעהר גע־גענשטאַנדען — הייסט דאָס מעהרצאָהל. אַ טיש, אַ בוך איז איינצאָהל; טישען, ביכער — מעהרצאָהל.

§ 6 מען זאָגט אין איינצאָהל: דער טיש, די וואַנט, דאָס בוך; און אין מעהרצאָהל זאָגט מען: די טישען, די ווענט, די ביכער. די ווערטער: דער, די, דאָס געהען אין מעהרצאָהל איבער אַלע גלייך אין „די".

**איבונג 5:**

פון די פאָלגענדע ווערטער שטרייכט אונטער די, וואָס אין איינצאָהל, מיט איין פּאַסיקעל, און די, וואָס אין מעהר־צאָהל — מיט צוויי:

דער ברודער, דאָס לאַנד, די געשיכטע, די יאָהרען, די גלעזער, דער דאַך, די הייזער, די פינגער, די מענשען, דער זומער, די נאַכט, די נעכט, די שטעדט, די שטאָדט, די ווענט, דאָס מויל, דער אויוען, די שוועס־טער, די פלאַש, די פיס.

§ 7 אין מעהרצאָהל בעקומען די הויפּטווערטער פערשיעדענע ענדונגען :

די ענדונג ען : צ. ב. דער טיש — די טישען ; דער אָוענט — די אָווענטען .

איבונג 6:

אויף דעם זעלבען אופן בילדעט אוים די מעהרצאָהל אויך פון די פאָלגענדע הויפּטווערטער :

דער מענש , דער שטול , די בלום , די וואָך , די שול , די באַק , די בעט , די צייַטונג , די פרוי , דער טייַך , דער איד , דער בער , דאָס אויג , דער טיש , דער ווינט .

§ 8 די ענדונג ער : צ. ב. דער וואַלד — די וועלדער ; דאָס פאָלק — די פעלקער ; דאָס בוך — די ביכער ; דאס הויז — די הייַזער . ווי איהר זעהט , בייַט זיך דערבייַ אום דער זעלבסטקלינגער פון וואָרט : פון „אַ“ (אין וואַלד) און „אָ“ (אין פאָלק) אויף „ע“ (אין וועלדער און פעלקער) ; פון „ו“ (אין בוך) אויף „י“ (אין ביכער) און פון „וי“ (אין הויז) אויף „ייַ“ (אין הייַזער) .

איבונג 7:

אויף דעם זעלבען אופן בילדעט אוים די מעהרצאָהל אויך פון די פאָלגענדע הויפּטווערטער :

דער אָרט , דער גאָרטען , דער האָהן , דער פּלאַץ , דער בויך , די נאָז , דאָס האַרץ , דאָס וואָרט , דאָס מויל , דאָס קלייַד , דער לייַב , דאָס קינד , דער שטייַן .

§ 9 די ענדונג ס : צ. ב. די מאָמע — די מאָמעס , דער האמער — די האמערס .

איבונג 8:

אויף דעם זעלבען אופן בילדעט אוים די מעהרצאָהל אויך פון די פאָלגענדע הויפּטווערטער:

די לעהרערין, דער פאַטער, דער זיידע, די באָבע, די מומע, דער פעטער, דער אָדלער, די מוטער.

§ 10 די ענדונג עך: צ. ב. דאָס פיסעלע — די פיסעלעך; דאָס שיכעלע — די שיכעלעך; דאָס מײַלכעלע — די מײַלכעלעך.

איבונג 9:

אויף דעם זעלבען אופן בילדעט אוים די מעהרצאָהל אויך פון די פאָלגענדע הויפּטווערטער:

דאָס הענטעלע, דאָס אייגעלע, דאָס נעסטעלע, דאָס קעפּעלע, דאָס העלזעלע, דאָס שטעקעלע.

§ 11 גאָר אָהן אַן ענדונג: צ. ב. דער לעפעל — די לעפעל; דער מעסער — די מעסער.

איבונג 10:

אויף דעם זעלבען אופן בילדעט אוים די מעהרצאָהל אויך פון די פאָלגענדע הויפּטווערטער:

דער שניידער, דער שרייבער, די שוועסטער, דער פינ־גער, דאָס פענסטער, דער בײַנעל, די ציגעל.

§ 12 גאָר אָהן אַן ענדונג, נאָר עס בייט זיך דערביי אום דער זעלבסטקלינגער פון וואָרט: צ. ב. דער באַרג — די בערג; דער טאָג — די טעג; דער שוך — די שיך; די מויז — די מייז.

איבונג 11:

אויף דעם זעלבען אופן בילדעט אוים די מעהרצאָהל אויך פון די פאָלגענדע הויפּטווערטער:

דער גאַסט, די האַק, די וואַנט, די האַנט, די גאַנז.

דער טאָפּ, די טאָכטער, די נאַכט, די שטאָדט, דער זוהן, די קוה, דער הונט, דער טאָג, דער פוס.

§ 13 אין איינצאָהל זאָגט מען: אַ לעהרער, אַ טיש, אַן איי, אַ בוך; און אין מעהרצאָהל זאָגט מען: לעהרער, טישען, אייער, ביכער. ווי איהר זעהט, ווען מען בענוצט אין איינצאָהל די ווערטער אַ אָדער אַן, וואַרפט מען אָפּ אין מעהרצאָהל די דאָזיגע אַ אָדער אַן.

איבונג 12:

בילדעט אוים די מעהרצאָהל פון די פאָלגענדע הויפּט־ווערטער:

אַ טאָג, אַ נאַכט, אַ וואָך, אַ פערד, אַ הונט, אַ קאַץ, אַ בוים, אַ בלאַט.

---

## 3

# אַרטיקעל.

§ 14 די ווערטער: דער, די, דאָס — הייסען דער בעשטימטער אַרטיקעל; די ווערטער אַ, אַן — הייסען דער אונבעשטימטער אַרטיקעל. אַן — שרייבט מען פאַר א און ע, למָשל: אַן איי, אַן אַלמער, אַן עפּעל, אַן עמער. אַ — שרייבט מען פאַר די איבעריגע אותיות.

איבונג 13:

פאַר די פאָלגענדע געגענשטאַנדען שטעלט צו דאָס וואָרט אַ אָדער אַן, ווי עס פּאַסט:

בלאַט, אויג, אויער, צאָהן, האַלז, עגבער, גראָז

עקסעלע, קאָפּ, אָרט, אײַזענבאַהן, האָר, יאָהר, אָרימאַן, אײַזעל, אָקס, קלײד.

---

## 4

# אײגענשאַפטווערטער.

§ 15 יעדעס וואָרט, וואָס בעווײַזט, אַ וואָסערער איז דער געגענשטאַנד, הײסט אײגענשאַפטוואָרט: צ. ב., „דאָס קינד איז גוט". גוט בעווײַזט אַ וואָסער איז דאָס קינד. „דאָס גוטע קינד איז אין קלאַס", דאָס גוטע בעווײַזט, וואָסער קינד איז אין קלאַס. דאָס וואָרט גוט, איז אַן אײגענשאַפטוואָרט.

§ 16 מען זאָגט: אַ גוט-ער מאַן, אַ גוט-ע פרוי, אַ גוט קינד; גוט-ע מענער, גוט-ע פרויען, גוט-ע קינדער. דאָס זעלבע אויך: אַ שײנ-ער צימער, אַ שײנ-ע שטוב, אַ שײן הויז; שײנ-ע צימערן, שײנ-ע שטיבער, שײנ-ע הײַזער.

איבונג 14:

בעמערקט די ענדונגען, וועלכע דאָס אײגענשאַפט-וואָרט בעקומט פאַר פערשידענע געשלעכטען, ווען עס ווערט בענוצט מיט'ן אונבעשטימטען אַרטיקעל, און שטעלט צו אין די פאָלגענדע אויסדרוקען די ריכטיגע ענדונג בײ די אײגענשאַפטווערטער:

אַ רײכ— מאַן; אַ זילבערנ— לעפעל; אַ לײהמענ— כּלי; אַ טיעפ— גרוב; אַ הויכ— מויער; זיס— פלוימען; אַ ליעב— קינד; רײנ— הענט; אַ ווײס— פּאַפּיער; אַ קלײנ—

פֿײַגעלע; אַ גרויס— בער; בײַז— הונט; אַ פֿלײַסיג— שי־
לער; אַ קלײַנ— מײַלעלע; גרויס— מענשען.

§ 17 מען זאָגט: דער גוט־ער פֿאָטער, די גוט־ע מו־
טער, דאָס גוט־ע קינד; די גוט־ע פֿאָטערס, די גוט־ע מו־
טערס, די גוט־ע קינדער. דאָס זעלבע אויך: דער ווײַס־ער
קראַגען, די ווײַס־ע לײַלעך, דאָס ווײַס־ע קלייד; די ווײַס־ע
קראַגענס, די ווײַס־ע לײַלעכער, די ווײַס־ע קליידער.

איבונג 15:

בעמערקט די ענדונגען, וועלכע דאָס אײַגענשאַפֿטוואָרט
בעקומט פֿאַר פֿערשידענע געשלעכטען, ווען עס ווערט בע־
נוצט מיטן בעשטימטען אַרטיקעל, און שטעלט צו אין די
פֿאָלגענדע אויסדרוקען די ריכטיגע ענדונג בײַ די אײַגענ־
שאַפֿטווערטער:

דער זויער— עפּעל; די שמעקעדיג— בלום; דאָס גרינ—
גראָז; די ביטער— טראָפּענס; דאָס גלאַט— פּאַפּיער; דער
שאַרפֿ— מעסער; דאָס שענ— בוך; די קאַרג— אַלטינקע;
די זילבערנ— גאָפּלען; דאָס גרויס— לאַנד; די בלוי— הימ־
לען; די פֿינקלענד— שטערען.

---

## 5

# צײַטווערטער.

## צײַט, פּערזאָן, צאָהל.

§ 18 דאָס קינד עסט; דאָס קינד לײַענט; דאָס קינד
שרײַבט. עסט, לײַענט, שרײַבט בעווײַזט, וואָס דאָס
קינד טוט. יעדעס וואָרט, וואָס בעווײַזט, וואָס אַ געגענ־

שטאַנד טוט, הייסט צ־ַ־יטוואָרט. עסט, ל־ַ־יענט. שר־ַ־יבט – זײַנען צ־ַ־יטווערטער.

§ 19 די צײַטווערטער קאָנען בעווײַזען די צ־ַ־יט, ווען די טואונג קומט פאָר. צ. ב. איך שר־ַ־יב – מיינט: איך שרייב איצט, דאָס איז די איצטיגע צײַט; איך האָב געשריבען – מיינט: איך האָב געשריבען פריהער, דאָס איז די פריהערדיגע אָדער פערגאַנגענע צײַט; איך וועל שר־ַ־יבען – מיינט: איך וועל שרײַבען שפּעטער, דאס איז די שפּעטערדיגע אָדער די קומענדיגע צײַט.

איבונג 16:

ווײַזט אָן די צ־ַ־יט פון די פאָלגענדע צײַטווערטער:

ער קומט; דו וועסט עסען; איך האָב געשפּיעלט; מיר גערהען; זיי האָבען געלײַענט; איהר וועט שרײַבען; זי וועט זאָגען; מיר האָבען געמאָלט; ער האָט געשניטען; איך וועל זײַן.

§ 20 די צ־ַ־יטווערטער בײַטען אום זייער ענדונג לויט דער פּערזאָן, וועלכע טוט, און לויט דער צאָהל פּערזאָנען, וועלכע טוען. עס זײַנען פאַרהאַן דריי פּערזאָנען: די ערשטע – איך, די צווייטע – דו, די דריטע – ער, זי, עס. עס זײַנען פאַרהאַן צוויי צאָהלען: אײנצאָהל און מעהרצאָהל. די מעהרצאָהל פון די פּערזאָנען זײַנען: די ערשטע – מיר, די צווייטע – איהר, די דריטע – זיי.

איבונג 17:

ווײַזט אָן די פּערזאָן און צאָהל פון די פאָלגענדע צײַטווערטער:

דו טוסט; זיי וועלען געבען; ער פרעגט; מיר בעטען;

זי האָט דערצעהלט; איהר רעדט; עס שווייגט; זיי לערנען; זי האָט געזוכט; איך פערשטעה; מיר וועלען קומען.

---

## די איצטיגע צייט.

§ 21 די איצטיגע צייט בילדעט זיך אוים אַזוי: צ. ב. פון דעם צייטוואָרט לערנען:

| איינצאָהל: | מעהרצאָהל: |
|---|---|
| 1) איך לערן, | 1) מיר לערנ-ען, |
| 2) דו לערנ-סט, | 2) איהר לערנ-ט, |
| 3) ער, זי, עס לערנ-ט. | 3) זיי לערנ-ען. |

איבונג 18:

בילדעט אוים די איצטיגע צייט פון די פאָלגענדע צייטווערטער:

שרייען, געהן, לויפען, שרייבען, זאָגען, קויפען, לויבען, שלאָגען, באָרגען, נייהען, ווערען.

§ 22 דאָס צייטוואָרט זיין בילדעט אוים די איצטיגע צייט אַזוי:

| איינצאָהל: | מעהרצאָהל: |
|---|---|
| 1) איך בין, | 1) מיר זיינען, |
| 2) דו ביסט, | 2) איהר זייט, |
| 3) ער, זי, עס איז. | 3) זיי זיינען. |

§ 23 דאָס צײַטװאָרט האָבען בילדעט אוים די איצטיגע צײַט אַזױ:

| אײנצאָהל: | מעהרצאָהל: |
|---|---|
| 1) איך האָב, | 1) מיר האָבען, |
| 2) דו האָסט, | 2) איהר האָט, |
| 3) ער, זי, עס האָט. | 3) זײַ האָבען. |

---

# די פערגאַנגענע צײַט.

§ 24 די פערגאַנגענע צײַט פון די צײַטװערטער בילדעט זיך אוים אַזױ: צ. ב. פון דעם צײַטװאָרט לערנען:

| אײנצאָהל: | מעהרצאָהל: |
|---|---|
| 1) איך האָב געלערנט, | 1) מיר האָבען געלערנט, |
| 2) דו האָסט געלערנט, | 2) איהר האָט געלערנט. |
| 3) ער, זי, עס האָט געלערנט. | 3) זײַ האָבען געלערנט. |

װי איהר זעהט, בילדעט זיך אוים די פערגאַנגענע צײַט מיט דער הילף פון דער איצטיגער צײַט פון דעם צײַטװאָרט האָבען.

איבונג 19:

בילדעט אוים די פערגאַנגענע צײַט פון די פאָלגענדע צײַטװערטער:

קױפען, ליבען, האָבען, שרײַבען, מאָלען, דינגען, עסען, זעהען, נײַהען, בױען, בײַסען, שרײַען.

§ 25 אייניגע צײַטווערטער בילדען אויס די פערגאַנגענע צײַט מיט דער הילף פון דער איצטיגער צײַט פון דעם צײַטוואָרט זײַן, צ. ב.:

| מעהרצאָהל: | איינצאָהל: |
|---|---|
| 1) מיר זײַנען געלאָפּען. | 1) איך בין געלאָפּען. |
| 2) איהר זײַט געלאָפּען. | 2) דו ביסט געלאָפּען. |
| 3) זיי זײַנען געלאָפּען. | 3) ער, זי, עס איז געלאָפּען. |

איבונג 20:

בילדעט אויס די פערגאַנגענע צײַט פון די פאָלגענדע צײַטווערטער:

געהן, שטעהן, פאָהרען, לויפען, קריכען, זיצען, שלאָ־פען, ליעגען, זײַן, ווערען, קומען.

---

## די קומענדיגע צײַט.

§ 26 די קומענדיגע צײַט פון די צײַטווערטער בילדעט זיך אויס אַזוי: צ. ב. פון דעם וואָרט לערנען:

| מעהרצאָהל: | איינצאָהל: |
|---|---|
| 1) מיר וועלען לערנען. | 1) איך וועל לערנען. |
| 2) איהר וועט לערנען. | 2) דו וועסט לערנען. |
| 3) זיי וועלען לערנען. | 3) ער וועט לערנען. |

איבונג 21:

בילדעט אויס די קומענדיגע צײַט פון די פאָלגענדע צײַטווערטער:

קומען, פאָהרען, זײַן, האָבען, לויפען, לויבען, קויפען, שרײַבען, לעזען, שווימען, בויען, שנײַדען, נײַהען, זינגען.

---

## די בעפעהלענדע פאָרם.

§ 27 ווען מען הײַסט, מען בעפעהלט ווען עס איז, בעקומט מען די בעפעהלענדע פאָרם. צ. ב. חַיִים, ברײַנג קרײַד! לילי, לעז! קינדער, שרײַט ניט!

די בעפעהלענדע פאָרם פון די צײַטווערטער בילדעט זיך אויס אַזוי: צ. ב. פון דעם וואָרט לערנען:

| מעהרצאָהל: | אֵיינצאָהל: |
|---|---|
| לערנט! | לערן! |

איבונג 22:

בילדעט אויס די בעפעהלענדע פאָרם פון די פאָלגענדע צײַטווערטער:

לעזען, קומען, שנײַדען, געבען, לײַהען, שניצען, זעהען, הערען, מאָלען, רעדען, שווײַגען.

---